# סערגיי יעסענין

## לידער און פאעמעס

פון רוסיש: י. פאַפּיערניקאָוו



פאַרלאַג „המנורה" תל־אביב
תש"ל — 1970

# SERGEY JESENIN
# SONGS AND POEMS

From Russian : J. PAPIERNIKOV

פארלאג „המנורה“, רח׳ זנגביל 24 תל־אביב, ישראל
"Hamenora", Publishing House, 24 Zangwil St., Tel-Aviv, Israel



נדפס בישראל תש״ל
Printed in Israel 1970

דפוס „מופת“, י. ריזמן, ת״א, רח׳ עין־הקורא 6, טל. 32968

# וועגן דער איבערזעצונג

(צו דער ערשטער אויפלאַגע)

די דאָזיקע זאַמלונג פון מיר־איבערגעזעצטע לידער, איז אַ קליינער טייל פון די פינף בענדער לידער און פּאָעמעס, וואָס זענען געבליבן נאָכן טויט פונעם באַדייטנדיקסטן רוסישן מאָדערנעם ליריקער סערגיי יעסענין. נישט לייכט איז מיר, ביים איבערזעצן, אָנגעקומען אַריבער־צושווימען מיט יידיש איבערן ברייטן אָקעאַן וואָס הייסט: רוסישע שפּראַך — נישט פאַרלוירן־צו־גיין אין דער וואַלדיקער געדיכטעניש פון ניואַנסירונגען, פּראָווינציאַנאַליזמען און לאָקאַליזמען, פּלוס: יעסענינס ניי־קאָמבינירטע ווערטער און אויסדרוקן, וואָס זענען באַקאַנט אַלס יעסעניזמען. צו דער דאָזיקער שוועריקייט קומט נאָך צו, דאָס נישט זיין באַקאַנט מיטן רוסישן לאַנד און מיט דער נאַטור־לאַנדשאַפט מיט וואָס עס זענען אַזוי רייך די לייוונטן פון יעסענינס דיכטער־פּענדזל.

צוליב די אַלע שוועריקייטן בין איך, טראָץ מיין באַמיען זיך צו זיין געטריי דעם אָריגינאַל — געווען געצוווּנגען צו מאַכן זיך געוויסע הנחות. אַזוי, למשל, האָב איך געוויסע ווערטער און נעמען פון לעבעדיקע און טויטע קענגנשטאַנדן פאַר וועלכע ס'איז, צוליב זייער ספּעציפישער רוסישקייט, אוממעגלעך־געווען צו געפינען אַן עקוויוואַלענט אין יידיש — געגעבן זיי ווי זיי זענען אין רוסיש, און געלאָזט זיי אינטואיטיוו קלאָר־ווערן — דורך דער אַלגעמיינער שטימונג פונעם ליד.

וואָס שייך דעם גראַם — האָב איך אין אַ טייל לידער מוותר־געווען אויף די טאָפּל־גראַמען און אַסאָנאַנסן, מיט וועלכע יעסענין שליסט אָפּ

די סטראָפן פון זיינע כמעט אַלע קלאַסיש־געבויטע לידער, און אַנשטאָט צו גראַמען (ווי יעסענין) ערשטע מיט דריטער שורה, צווייטע — מיט פערטער, האָב איך נאָר געגראַמט צווייטע מיט — פערטער שורה און, ערשטע מיט דריטער — געלאָזט אָפן.

אין אַ טייל לידער האָב איך אויך געלאָזט אין גאַנג דעם „ווייסן פערז״ מיט וועלכן יעסענין באַנוצט זיך זייער ווייניק. די דאָזיקע הנחה האָב איך זיך דערלויבט דאָרט ווו דער גראַם האָט מיר אוממעגלעך־געמאַכט צו האַלטן זיך געטריי דעם אינהאַלט. דערקעגן, האָב איך אין אַלע לידער אָפּגעהיטן יעסענינס מעטריק, ריטעם און קלאַנג, זיין אויסער־לעכן און אינערלעכן אָטעם, וועלכן כ׳האָב ערטערווייז (ווי יעסענין האָט עס געטאָן) איבערגעהאַקט און, זיך אָפּט דערמיט אַריינגעשניטן, ווי מיט אַ דיסאָנאַנס אין זיין רעגלמעסיקן פערזבוי.

וואָס שייך דעם אויסוואַל — האָב איך, וויפל דאָס איז מעגלעך געווען אין עטלעכע צענדליק לידער — געגעבן דאָס, וואָס איז מער כאַראַקטעריסטיש פאַר יעסענינען אין אַלע פאַזן פון זיין שאַפן: לידער וועגן זיין צוגעבונדנקייט צו ערד און, צו זיין היים און לאַנד; לידער וועגן ויין ערשטער „בלויער שריפה״ (ווי ער רופט אָן אין אַ ליד, זיין ערשטע ליבע צו אַ פרוי) און, זיין געפיל און באַציאונג בכלל צו פרויען, וואָס זענען אין זיין צעלאָזענער, קרענקלעכער הפקרות — געווען, ווי יעסענין זאָגט צו איינער: „אַ טרייסט און אַ הילף״ אין די מינוטן פון דער גרעסטער פאַרלוירנקייט...

צום דריטן און לעצטן עטאַפּ פון יעסענינס לעבן און שאַפן געהערן די לידער וועגן זיין באַציאונג צו דער רוסישער רעוואָלוציע.

## צו דער צווייטער אויפלאַגע

אין די צוואַנציקער יאָרן, ווען אין ראַטנפאַרבאַנד איז נאָך דער באָלשעוויסטיש־מיליטערישער רעוואָלוציע, אָנגעגאַנגען אַ גרויסע קולטור־רעוואָלוציע; ווען צוזאַמען מיט די ברוכשטיקער פון דער אַזוי־גערופענער „צעפוילטער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג", האָבן זיך אויף די כוואַליעס פון דער רעוואָלוציע, געטראָגן די אָנקומענדיקע כוחות פאַר אַ נייער סאָוויעטישער קונסט און ליטעראַטור — האָבן זיך אין פאָדערגרונט פון די יונגע קאַדרן רוסישע דיכטער, אַרויסגערוקט: וולאַדימיר מאַיאַקאָווסקי — דער שעפער פון דער נייער מאָדערנער רעוואָלוציאָנערער דיכטונג; באָריס פּאַסטערנאַק — דער אינטעלעקטואַליסט; אַלעקסאַנדער בלאָק — דער פאָרמאַליסט, און סערגיי יעסענין — דער טיפער ליריקער.

ווי די נעמען פון דער גאַנץ גרויסער פּלעיאַדע נייע סאָוויעטישע דיכטער — זענען אויך די פיר דאָ דערמאַנטע נעמען — געווען פאַר מיר אין יענער צייט, נישט מער ווי נעמען, וועגן וועלכע כ'האָב אַ סך געהערט אָבער נישט געלייענט נאָך, מחמת זייער שאַפן איז צו מיר נאָכנישט געהאַט דערגאַנגען אפילו אין יידישער איבערזעצונג.

מער פון אַלעמען האָט זיך שוין אין יענער צייט געלאָזט הערן יעסענין. ווי אַ סך יונגע דיכטער, וואָס הייבן אָן נישט פונעם ליד נאָר פונעם... פּלעשל — האָט יעסענין זיין שנעלע פּאָפּולאַריטעט געהאַט צו פאַרדאַנקען נישט אַזוי זיין גרויסן טאַלאַנט, ווי זיין עקסטראַוואַגאַנץ, זיין שיכורן און סקאַנדאַלעווען, וואָס מען האָט אין די ליטעראַרישע קרייזן אָנגענומען ווי דאָס קאַפּריזעווען פון אַ זייער געראָטן קינד.

ערשט אין יאָר 1931 איז מיר אין וואַרשע צופעליק אַריינגעפאַלן אין די הענט אַריין יעסענינס אַ זייער אָרעם־אַרויסגעגעבענע קליינע זאַמלונג לידער, צו וועלכע כ׳האָב זיך מיט גרויס נייגיריקייט צוגעכאַפּט מיט נישט קיין סך קענטעניש אין דער רוסישער שפּראַך און — בין אַזוי פאַרכאַפּט־געוואָרן פון זייער שיינקייט, אַז כ׳האָב נאָכן דורכלייענען די זאַמלונג — זיך אַ נעם־געטאָן צום איבערזעצן אַלע לידער, אין דער צאָל פון פינף און דרייסיק, וואָס זענען מיט צוויי יאָר שפּעטער, אין יאָר 1933, דערשינען אונטערן נאָמען: סערגיי יעסענין.

צוליב דעם וואָס יעסענין איז געווען און געבליבן (נאָך פּושקינען און לערמאָנטאָוון) מיין באַליבטסטער רוסישער דיכטער, האָב איך באַשלאָסן אַרויסצוגעבן אַ צווייטע, פאַרגרעסערטע אויפלאַגע פון זיינע לידער וואָס זענען אין מיין יידישער איבערזעצונג נישט בנמצא שוין עטלעכע צענדליק יאָר.

## וועגן יעסענינען

מיט העכער פיר צענדליק יאָר צוריק, איז אין עלטער פון דרייסיק יאָר באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, דער רוסישער פּאָעט סערגיי יעסענין.

ס'איז שווער צו זאָגן וואָס פאַרא אָרט יעסענין וואָלט פאַרנומען אין דער היינטיקער רוסישער ליטעראַטור פון סאָצ־רעאַליזם — ווען דעם אויבן־אָן אין דער נייער דיכטונג, פאַרנעמט דער יונגער יעווגעני יעווטושענקאָ, וואָס זיין גרויסע פּאָפּולאַריטעט האָט ער צו פאַרדאַנקען נישט אַזוי דעם טאַלאַנט זיינעם, ווי זיין „געוואַגט" ליד „באַבי יאַר" — זיין „זשאַקיז" קעגן דעם אָפענעם און באַ־האַלטענעם אַנטיסעמיטיזם אין ראַטנפאַרבאַנד.

ס'איז אויך שווער צו זאָגן ווי די אָפיציעלע טאָנגעבער פונעם איצטיקן „פּאָליטיש־מילדן" קורס לגבי דער סאָוויעטישער ליטע־ראַטור, וואָלטן זיך היינט באַצויגן צו יעסענינען דעם אינדי־ווידואַליסט.

יעסענין, דער דיכטער פון טעמפּעראַמענט און ווידערשפּרוכן; דער זינגער און באַזינגער פונעם דאָרף און דאָרפישקייט און, דער בונטאַר קעגן אַלץ וואָס איז נישט געווען פאַר זיין באַנעם און געפיל — האָט נאָך רעכט נישט צעקייענדיק דעם זין און דעם ציל פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע — זי אויפגענומען מיט ברייטע אָרעמס — שוין בלויז דערפאַר וואָס אין זיין היימלאַנד טוט זיך עפּעס; וואָס עס האָט געפּלאַצט דאָס דיקע אייז פון דערשלאָגנקייט

און אַפּאַטיע ביים פֿאַרקנעכטיקטן רוסישן פֿאָלק — אונטער די שטיוול פֿון די צאַרישע סאַטראַפּן.

יעסענין, וואָס איז נאָכן אויסברוך פֿון דער רעוואָלוציע, אַריבער פֿון דאָרף אין שטאָט, פֿלעגט — אַ מבולבלער — זיך אַרומדרייען איבער די אויפֿגעבראַוזטע גאַסן פֿון מאָסקווע און, אַ פֿאַרכאַפּטער — אַנטקעגנגיין יעדן מאַסן־אויפֿמאַרש; שטופּן זיך צו די פֿאָדערשטע רייען און — בלייבן פֿון הינטן; זיך געפּלאָנטערט צווישן פֿיס און רעדער און — געבליבן אַ „פּאַפּוטשיק", אַ מיט־לויפֿער, ווי ער אַליין האָט געזאָגט וועגן זיך אין זיינע צייטלידער. יעסענין האָט בחוש, געפֿילט דעמאָלט, אַז ער וועט צעטראָטן און צעריבן־ווערן פֿון די, וועמען ער האָט באַזונגען פֿאַר זייער אַנט־שלאָסנקייט און, זיי נישט פֿאַרטראָגן — פֿאַר זייער האַרטן, אומרחמנותדיקן גאַנג...

נישט לאַנג איז, אָבער, יעסענין אַזוי פֿאַרכאַפּט געווען פֿון דעם וואָס ער האָט אַזוי באַזונגען.

אין ניכטערע ספֿקות צום „ליכטיקן מאָרגן", וואָס די רעוואָ־לוציע האָט צוגעזאָגט, האָט ער אָנגעהויבן פֿאַרטרינקען זיין גרויסע בענקשאַפֿט צוריק צום דאָרף, וואָס ער האָט אַזוי גרענעצלאָז ליב געהאַט און, נישט דערקענט עס נאָך זיין אַהיימקומען. אויך דאָס דאָרף האָט זיך אויפֿגעוועקט ווי פֿון אַ לאַנגן, לעטאַרגישן שלאָף. אויך דעם דאָרף האָט מען אויסגעטאָן פֿון אַלע הייליקייטן; פֿון די צערקווועלעך — אַראָפּגענומען די גלעקער און, אין די פֿויערישע כאַטעס — אויפֿן אָרט פֿון צאַר ניקאָלייס פּאָרטרעט — אויפֿגעהאַנגען לענינס.

יעסענין האָט זיך, ממש, געבראָכן אונטער דער לאַסט פֿון דער גרויסער, גורלדיקער צייט, אין וועלכער ער האָט געלעבט

און מיטגעלעבט — נישט קאַנענדיק זיך אונטערוואַרפן איר פאָ־
דערונג: שטעלן דער פען אין דינסט נאָר דער פּראָלעטאַרישער
רעוואָלוציע.

ווי איך האָב שוין פריער דערמאָנט, איז יעסענין באַגאַנגען
זעלבסטמאָרד דורך אויפשניידן זיך די אָדערן פון די הענט.

דער שעפער פונעם מאָדערנעם רעוואָלוציאָנערן ליד, וולאַדימיר
מאַיאַקאָווסקי, האָט, שרייבנדיק וועגן יעסענינס טאָט, אים אָנגערופן
דעזערטער.

איך דערמאָן עס, ווייל אָנרופן אַ שרייבער דעזערטער —
אפילו נאָך זיין טויט — האָט אין יענער צייט געהייסן: אַ טויט־
אורטייל אויף זיינע ביכער, וואָס טאָרן מער נישט דערשיינען,
אָדער זיי דאַרפן פאַרשווונדן ווערן, אַז קיין אויג זאָל זיי מער
נישט אָנזען.

צום גליק פאַרן לייענער פון עכטער, גוטער פּאָעזיע, איז
נישט געשען אַזוי ווי מאַיאַקאָווסקי האָט געמיינט...

די רוסישע ליטעראַטור האָט, ווייזט אויס, נישט געקאָנט
אַזוי לייכט מוותר־זיין אויף יעסענינען און, זיינע לידער זענען
נישט נאָר, נישט פאַרשווונדן־געוואָרן, נאָר פאַרקערט: דערשינען
אין נייע אויפלאַגעס, וועלכע מאַיאַקאָווסקי האָט נישט דערלעבט
צו זען, מחמת ער האָט עטלעכע יאָר נאָך יעסענינס טויט אויך
„דעזערטירט": באַגאַנגען זעלבסטמאָרד...

איבער פערציק יאָר נאָכן טויט פון אַ וווּנדערלעכן פּאָעט,
אַ דיכטער אַ בונטאַר קעגן אַלץ און אַלעמען און, קעגן זיך אַליין;
אַ דיכטער וועמען מען פלעגט מוחל־זיין זיין באַהעמישע הפקרות,
זיין שיכורן און סקאַנדאַלעווען — ווי מען איז מוחל אַ זייער געראָטן
קינד פון וועלכן מען דערוואַרט נאָך אַ סך נחת.

עד היום לעבט יעסענינס אָנדענק אויך אין דער וועלט־דיכטונג און אין די שאַפונגען פון נישט איין רוסישן און נישט רוסישן דיכטער, וועמעז ער האָט באַווירקט מיטן טיפן ליריזם און פאַרבן־רייכע אימאַזשן פון זיינע לידער, וואָס זענען אָנגעלאָדן מיט אַלע ריחות און זאַפטן פון אַ זעקסטל פון דער ערד, וואָס הייסט: רוסלאַנד.

י. פ.

# יעסענין וועגן זיך

כ׳בין געבוירן־געוואָרן אין יאָר 1895, דעם 21־טן סעפּטעמבער, אין ריאַזאַנער גובערניע, ריאַזאַנער פּאָוויאַט, קוזמירער גמינע, אין דאָרף קאָנסטאַנטינאָוו.

אַלט־זייענדיק צוויי יאָר, האָט מען מיך אָוועקגעגעבן אויף דער־ציאונג, צו אַ געניג־פאַרמעגלעכן זיידן (נאָך דער מאַמען) ביי וועמען ס׳זענען געווען דריי דערוואַקסענע, נישט אויסגעגעבענע זין, מיט וועלכע ס׳איז אַפּגעשוומען כמעט מיין גאַנצע יוגנט. די פעטערס מיינע זענען געווען שטיפעריש צעלאָזענע און הפקרדיקע. אַ דריי און אַ האַלביאָריקס — האָבן זיי מיך אַרויפגעזעצט אויף אַ נישט־געזאָטלט פערד און מיטאַמאָל אַ לאָז־געטאָן עס אין גאַלאָפּ. כ׳געדענק, אַז כ׳בין צעטומלט־געוואָרן און זיך שטאַרק אָנגעהאַלטן ביי אַ בינטל האָר פונעם פערדס גריווע. דערנאָך האָט מען מיך געלערנט שווימען. איין פעטער (דער פעטער סאַשאַ) האָט מיך אַריינגעזעצט אין אַ שיפל, אָפּגעפירט עס פון ברעג, און אַראָפּציענדיק פון מיר די וועש — ווי אַ קליין הינטל — מיך אַריינגעוואָרפן אין וואַסער אַריין. צעשראָקן און אומגעשיקט האָב איך געפּליעסקעט מיט די הענט און, אַזוי לאַנג ווי כ׳האָב זיך נישט פאַרכליניעט, האָט דער פעטער אַלץ געהאַלטן אין איין שרייען: עך! נבלה דו! נו, צו וואָס טויגסטו? „נבלה״ איז ביי אים געווען אַ צערטלעך וואָרט. דערנאָך, אַלט־זייענדיק זיבן יאָר, האָב איך דעם צווייטן פעטער אָפט פאַרטרעטן דעם יעגער־הונט. געשווומען

איבער אַזיערעס נאָך אונטערגעשאָסענע קאַטשקעס. כ׳האָב זייער גוט געקלעטערט אויףביימער, צווישן ווייסע חברהניקעס בין איך שטענדיק געווען דער פערדפירער און אַ גרויסער שלעגער און, שטענדיק אַרומגעגאַנגען אַ צעדראַפּעטער. פֿאַר מיין צע־לאָזנקייט האָט מיך געזידלט נאָר איין באָבע, און דער זיידע האָט נאָך טיילמאָל אונטערגעהיצט מיך כ׳זאָל פּרווון מיינע פויסטן און אָפּט געערעדט צו דער באָבען: זאָלסט אים ביי מיר, נאָר דו איינע, נישט רירן, ער וועט אַזוי אַ, זיין פעסטער! די באָבע מיינע האָט מיך אויסערגעוויינטלעך ליב־געהאַט און צו איר צערטלען מיך איז נישט געווען קיין גרענעץ. נאָך יעדן שבת, האָט מען מיך לכבוד זונטיק, געוואַשן, געשוירן די נעגל און מיט צעלאָזענעם פוטער געשמירט דעם קאָפּ, ווייל קיין איין קעמל האָט נישט גענומען די געקרויזלטע קודלעס האָר. אויך די פוטער האָט ווייניק וואָס געהאָלפן. מיינע קולות זענען שטענדיק געגאַנגען ביזן זיבעטן הימל און נאָך אפילו איצט האָב איך אַן אומאַנגענעם געפיל צום שבת.

אַזוי איז אַפּגערונען מיין קינדהייט. ווען כ׳בין אונטערגעוואַקסן האָט מען זייער געוואָלט מאַכן פון מיר אַ דאָרפישן לערער און מען האָט מיך דערפאַר אָפּגעגעבן אין אַ קלויסטערשול פאַר לערערס נאָך וועלכער כ׳האָב געדאַרפט אַריינטרעטן אין מאָסקווער לערער־אינסטיטוט, צום גליק איז דאָס נישט געשען.

לידער האָב איך אָנגעהויבן שרייבן זייער פרי, אַלט־זייענדיק ניין יאָר, נאָר דאָס באַוווּסטזיניקע שאַפן רעכן איך צו, צו מיין 16—17־יעריקער עלטער. אייניקע לידער מיינע פון די יאָרן, זענען פאַרעפנטלעכט־געוואָרן אין „ראַדוניצאַ״.

צו אַכצן יאָר בין איך געווען פאַרוווּנדערט וואָס מען האָט

מיינע לידער, וועלכע כ'האָב געשיקט אין די זשורנאַלן — נישט געדרוקט און, כ'בין אַוועקגעפאָרן קיין פעטערבורג. דאָרט האָט מען מיך אויפגענומען מיט אַ סך פרייד. דעם ערשטן וועמען כ'האָב געזען איז געווען — בלאָק, דער צווייטער — גאָראָדעצקי. ווען כ'האָב געקוקט אויף בלאָקן איז פון מיר גערונען אַ שווייס, ווייל כ'האָב ס'ערשטע מאָל געזען אַ לעבעדיקן פּאָעט. גאָראָדעצקי האָט מיך צונויפגעפירט מיט קלויעוון, וועגן וועלכן כ'האָב פריער נישט געהאָט געהערט קיין וואָרט. נישט קוקנדיק אויף אונדזערע אינערלעכע מחלוקת, האָט זיך צווישן מיר מיט קלויעוון פאַרבונדן אַ גרויסע פריינטשאַפט.

אין די יאָרן, בין איך אַריינגעטרעטן אין שאַניעווסקיס אוני־ווערזיטעט, ווו כ'בין אָפּגעווען קאַרגע צוויי יאָר און, ווידער אַוועקגעפאָרן אין דאָרף אַריין.

פון די לעצטע מאָדערנע דיכטער איז מיר מער פון אַלע געפעלן בלאָק, ביעלאי און קלויעוו. ביעלאי האָט מיר געגעבן אַ סך אין זין פון פאָרם, און בלאָק און קלויעוו האָבן מיך אויסגע־לערנט לירישקייט.

אין יאָר 1919 האָב איך צוזאַמען מיט אַ ריי חברים פּובליקירט אַ מאַניפעסט וועגן אימאַזשעניזם. דער אימאַזשעניזם איז געווען די פאָרמעלע שולע וואָס מיר האָבן געוואָלט באַשטעטיקן. די שולע האָט אָבער נישט געהאָט אונטער זיך קיין באָדן און זי איז גע־שטאָרבן פון זיך אַליין, איבערלאָזנדיק דעם אמת פאַר דעם אָרגאַנישן בילד.

פון אַ סך מיינע רעליגיעזע לידער און פּאָעמעס וואָלט איך זיך מיט צופרידנקייט אָפּגעזאָגט, נאָר זיי האָבן אַ גרויסע באַדייטונג, ווי אַ וועג פון אַ פּאָעט צו דער רעוואָלוציע. פון אַכט יאָר אָן האָט

מיך די באָבע אַרומגעשלעפּט איבער פאַרשידענע מאָנאַסטירן. צוליב איר האָבן ביי אונדז שטענדיק געגעסטיקט פאַרשידענע וואָגלער און וואָגלער־ינס. ס׳זענען געזונגען געוואָרן פאַרשידענע רעליגיעזע לידער. דער זיידע — פאַרקערט. ער איז געווען נישט קיין נאַר, געקאָנט מאַכן אַ כוסה. פון זיין זייט זענען שטענדיק געמאַכט־געוואָרן חתונהס און חופּה־וקדושין.

שפּעטער ווען איך בין אַוועק פון דאָרף, איז מיר לאַנג אויס־געקומען זיך פונאַנדערצושנעמען אין דעם, וואָס אין מיר האָט זיך אָנגעזאַמלט.

אין די יאָרן פון דער רעוואָלוציע בין איך אינגאַנצן געווען אויף דער זייט פון „אָקטאָבער״, נאָר איך האָב אויפגענומען אַלץ אויף מיין שטייגער, מיט אַ פויעריש פאַרנויגן זיך.

אין זין פון פאָרמעלער אַנטוויקלונג, ציט מיך איצט אַלץ מער צו פושקינען.

וואָס שייך צו די איבעריקע אויטאָביאָגראַפישע פּרטים — זענען זיי אין מיינע לידער.

## סערגיי יעסענין

פרעמד מיין שטאַם — אַ ברודער מיר, אַ דיכטער־ברודער —
האָב איך וועגן דיר געהערט, אַ סך געהערט,
אַז ערגעץ פון אַ דערפל אַ פאַרלוירנס,
אויף אַ זעקסטל פון דער ערד,
וואָס זומערט אונטער הונדערט־קלאַנגיקן גרינס
און, ווינטערט בעריש אונטער טיפן שניי, —
אין יענעם לאַנד,
פון יענעם דערפל,
איז אַרויס אַ פויערישער זון, סערגיי,
סערגיי יעסענין —
אַ פּאָעט וועמ׳ אַלע סטעזשקעס, אַלע מעזשעס קענען,
קענען אים, פון זען אים בראָדיען איבער זיי, —
אַ חבר מיט איעדער קו און פערד,
אַ וואַגאַבונד, צעזונגען ווי אַ קינד,
אַ חבר מיטן ווינט
און מיט איעדן ברעזעבוים און קליאָן
מיט וועלכן ר׳איז אַרומכאַפּן זיך גרייט,
ווי מיט אַ פרוי —
פאַרליבטערהייט, צי נישט פאַרליבטערהייט,
נאָר סתם אַזוי,

פאַר בענקשאַפט און פאַר ווײ
פון אַ באַסיאַק־בונטאַר,
וואָס, גרייט איז אומברענגען אי זיך — דעם קנעכט,
און אויך דעם האַר.

1932

י. פּאַפּיערניקאָוו



שוואַרצע, פאַרשווייסיקטע ערדישע שויס,
ווי זאָל מיין ליבע נישט זיין צו דיר גרויס ?

זומפּיק — די אָזיערע ; זומפּיק און בלאָ.
נאָענט, צום האַרץ, איז דער אָוונט מיר דאָ.

גראָע ווי פלאַכטעס — די ביידלעך אַרום.
טראָסטינעס שלעפערן וואַסערדיק, שטום.

קעסלען אויף שייטערס וואָס גייען נישט אויס.
ס׳ברעמט דורך די צווייגן דער מולד אַרויס.

שניטערס וואָס זיצן אין ליכט פון פאַרגאַנג —
הערן אַן אַלטנס אַ מעשה פון לאַנג.

ווייט, ערגעץ ווייט, וווּ דער טייך זיך פאַרדרייט —
זינגען די פישער פאַרדרעמלטערהייט.

ס׳בלייען די לוזשעס און, לייכטן אַזוי...
אומעטיק ליד דו, אָ, רוסישער ווייי !

1914



כ׳וועל גיין, ווי ס׳גייען אַרטיק, די מאָנאַכן.
צי — בלאָנד ביז ווייסקייט — אָן אַ צוים,
באָסיאַקיש — דאָרט, ווו איבער פלאַכן
רינט מילך פון יעדן ברעזעבוים.

כ׳וויל אויסמעסטן די האָריזאָנטן —
פאַרטרויט דעם שטערן פון געמיט,
און גלויבן אינעם גליק פון נאָנטן —
אין קלינגענדיקן קאָרנשניט.

אַ האַנט פון ליכט, אַ טויאיק־קילע,
קלאַפּט אָפּ די עפּעל פון קאַיאָר.
נאָך היישניט שעפּטשען גראַבליעס שטילע
און, ס׳זינגען שניטער מיר אין כאָר.

איך זע די קאָרעקערב, די ליינען,
און טו צו זיך אַליין אַ זאָג:
ס׳איז גליקלעך דער, וועם ס׳קאָן באַשיינען
אַ טאָרבע און אַ וואַנדערשטאָק.

און אויך אָן פריינט און פיינט אפילו —
אין אָרעמקייט צו האָבן פרייד
און, קאָנען דורכגיין מיט אַ תפילה —
די ערדישקייט פון דאָרפישקייט.

1914

## דער טאַבון

אויף גרינע בערגלעך, בלאָזן נאָך געיעג —
טאַבונען פערד — פון זיך דעם גאָלדשטויב פון די טעג.

עס וואַרפן פונעם הויכן באַרג, די גריוועס אָפּ
די פעד־שוואַרצקייט, וואָס פאַלט אין בלאָען גאָלף אַראָפּ.

די קעפּ, זיי ציטערן — כאָטש ס'וואַסער הערט זיך קוים,
און פולער מולד פאַנגט זיי מיט אַ זילבערצוים.

זיי שרעקט דער שאָטן זייערער, און מיט געכראָפּ
פון אונטער גריוועס — וואַרטן זיי דעם טאָג שוין אָפּ.



דער פרילינגטאָג קלינגט אויס די פערד אַ ניגון
און, ער באַגריסט זיי צו די ערשטע פליגן...

נאָר אָוונט־צו, אויף לאַנקעס רחבותדיקע —
טוען זיך די פערדלעך אַ צעבריקע

אַלץ שאַרפער קלעבט דער קלאַנג זיך צו די קלאָען,
אָט, הענגט ער אויף אַ בוים, אָט, לופטיקט ער אין בלאָען.

נאָר הייבט אַ כוואַליע זיך צום שטערן מיט אַ ראָש —
איז ס'וואַסער פול מיט פליגן, ווי מיט אַש.

*

די זון — פאַרלאָשן. אויף דער לאָנקע — שטיל.
אַ פאַסטעך אויפן האָרן זיינעם שפּילט.

עס הערן, מיט די שטערנס אויסגעשטעלט —
די פערד — ווי ס'זינגט פאַר זיי דער זון פון פעלד.

דער עכאָ איבער זיי'רע ליפּן גליטשט זיך, שניידט
און, טראָגט געדאַנקען פערדישע, צו לאָנקעס ווייט.

אין ליבע צו דיין טאָג. אין ליבע צו דיין נאַכט —
האָב איך, היים מיינע, דאָס ליד דיר צוגעטראַכט.

1915

## ליד וועגן אַ הונט

אין שייער מיט קאָרן, ווו ס'גילדן
די דערנעס צעלייגט אין אַ ריי —
האָט אַ סוקע פרימאָרגנס געבוירן
הינטעלעך זיבן, אויף זיי.

זי האָט מיט דער צונג זיי, ביז אָוונט
געקאַמט און געטאָן וואָס מען ברויך,
און געשטראָמט האָט ווי שניי אויפגעטייעטס
פון אונטער איר וואַרעמען בויך.

נאָר אָוונט־צייט ווען די הינער
באַזעצן די סידלע געשמאַק —
האָט בייז דער באַלעבאָס זיי
אַרייגעלייגט אין אַ זאַק.

איז איבער די שנייאיקע גרודעס —
די סוקע פאַרלאָפן זיין גאַנג...
האָט דאָס נאָך־נישט־געפרוירענע וואַסער
געציטערט דערנאָך זייער לאַנג...

אויף צוריק שוין, ווען זי האָט דעם שווייס זיך
געלעקט ; אַ דערשעפטע געוועזן —
האָט זי איבער דער נחלה, אין מולד —
איינס פון די זיבן, געזען...

און — אין דער בלאָקייט דער הויכער
אַרויפסקאַוועטשעט שטאַרק,
נאָר ס'האָט זיך דער מולד דער דינער
באַהאַלטן אויף יענער זייט באַרג.

און טויב, ווי פון אַ וואָרף־טאָן
אויף שפּאַס אַ שטיין — אַזוי
האָבן הינטיש, אירע אויגן
זיך געקאָלערט ווי שטערן אין שניי...

1915



ניטשט געבראָדיעט דורך די רויטע קוסטעס,
קנייטש זיי ניטשט, ניטשטאָ קיין שפור נאָך איר!
מיט אַ סנאָפּ פון האָר פון האָבער־העלע —
האָסטו אָפּגעחלומט זיך שוין מיר.

ווי מיט יאַגדעסאָק — דיין הויט צערויטלט —
ביסטו צאַרט געוועזן, צאַרט און שיין,
ענלעך צו אַ ראָזן זונפאַרגאַנג
און, ווי שניי וואָס ליכטיק איז און, ריין.

ווי אַ קלאַנג — צעגאַנגען איז דיין נאָמען,
דיינע אויגן — קערנער — אויסגעברענט,
נאָר געבליבן אין די פאַלדן פון דיין שאַל, איז
האָניקדיקס פון אומשולדיקע הענט.

אין אַ שעה אַ שטילער, ווען דער אויפגאַנג
וואַשט זיך ווי אַ קעצל אויפן דאַך, —
מיטן ווינט פון סטעלניקעס — צעזונגען
הער איך וועגן דיר אַ זאַנפטע שפּראַך.

זאָל מיר, זאָל דער בלאָער אָוונט שעפּטשען,
אַז געוועזן ביסטו אַ ליד, אַ פּראַכט.
ס'האָט נאָר דער, צום סוד צום ליכטיקן, דאָס מויל זיינס
צוגעלייגט — ווער ס'האָט דיך אויסגעטראַכט.

ניט געבראָדיעט דורך די רויטע קוסטעס,
קנייטש זיי נישט, נישטאָ קיין שפּור נאָך איר!
מיט אַ סנאָפּ פון האָר פון האָבער־העלע —
האָסטו אָפּגעחלומט זיך שוין מיר.

1915

## בלאָקייט

ס׳האָט דורכזיכטיקע קעלט פֿאַרבלאָט ווו נאָר אַ טאָל איז.
עס קלאַפּן דייטלעך קאָפּעטעס פֿון פערד.
עס קלויבט פֿאַרוויאַניעט גראָז אין אויסגעשפּרייטע פּאָלעס,
די ווערבע־בלעטלעך פֿונעם ווינט געקערט.

אַ פֿייכטער נעפּל קריכט פֿון די שיפּועס
און קנוילט אַזוי אין מאָכיקייט זיך איין,
און ס׳איז מיט ווייסע פֿינגער פֿון די פּיס די בלאָע —
דער אָוונט אינעם טייכעלע אַריין.

✶

מיט האַרבסטקעלט בליען האָפֿענונגען מיינע.
מיט שטילן גורל — שלעפּט מיין פערד זיך קוים,
און מיט די נאַסלעכע בולאַנער ליפּן זיינע, —
ער קושט פֿון פֿאָכענדיקן בגד מיין, דעם זוים.

נישט קעמפֿן און נישט רוען — ציען ווי אַ בלינדן, —
געהיימע שפּורן מיך, אין ערגעץ ווייט ;
דער טאָג וועט מיט אַ גאָלדן טראָט פֿאַרשווינדן,
און פֿאַלן וועט די מי אין קאָרב פֿון צייט.

✶

עס רויטלען אויפֿן וועג, אויף בערגלעך פֿליכעוואַטע,
די זאַמדן — ווי זיי וואָלטן ראָסטיק זיין ;
לבנה אין אַ דעמערטאַנץ, אין פֿלאַטער —
זי בייגט זיך ווי אַ פֿאַסטעך־האָרן איין.

עס וויגן דערפֿער זיך אין רויך אין מילכיק,
נישטאָ קיין ווינט, נאָר ווינטיק זאַנפֿטער קלאַנג;
אין בענקשאַפֿט דרעמלט רוס, וואָס פֿרייט זיך הילכיק —
אין באַרג־אַראָפּיק־לויפֿנדיקן גאַנג.



עס ציט דאָס נאַכטלעגער, — נישט ווייט פֿון כאַטע.
פֿון גאָרטן שמעקט מיט אַלטן אָקרעפּ אָפּ.
אויף כוואַליעדיקע בייטן קרויטנקעפּלעך מאַטע —
לבנה־האָרן טריפֿט מיט אייל אַראָפּ.

מיך ציט צו וואַרעמקייט; כ׳פּיל ברויט מיט קימל,
און — דאָס מויל מיינס כראָמקעט אוגערקעס —
מיר דאַכט זיך אויס,
און — ס׳פּירט דער אויפֿגעוועקטער גלאַטער הימל —
אַ וואָלקן פֿונעם פֿערדשטאַל, פֿאַר דער צוים אַרויס.

אָ, נאַכטלעגער! עס ליגט שוין פֿון לאַנגאָנען
ס׳פּאַרפּירערישע דיינס — ביי מיר אין בלוט;
די באַלעבאָסטע — ליבע־פּאַראלמנה׳ט —
זי שלאָפֿט אויף פֿרישן שטרוי געבעט און, רוט.

עס טאָגט שוין. אינעם ווינקל, די איקאָנע —
באַשאָטן איז מיט וואַנצנפֿאַרב און שטויב,
און ס׳קלאַפּט דער רעגן דראָבנע, מאָנאָטאָננע —
זיין מאָרגן־תּפֿילה אויף דער מוטנער שויב.

✶

און ווידער ליגט פֿאַר מיר דאָס פֿעלד אין בלאָ
און, ס'שטייען
צעוויגטע לוזשעס פֿול מיט זון אַ סך,
אַן אַנדער פֿרייד, און אַנדערע — די ווייען,
עס קלעבט זיך צו דער צונג אַ נייע שפּראַך.

עס גליווערט אינעם אויג דער בלאָער עטער.
מיין פֿערד — ער וואַרפֿט פֿון זיך דעם צוים, דעם יאָך,
און ס'וואַרפֿט דער ווינט אים לעצטע זשמיעניעס
ברוינע בלעטער,
פֿון אונטער זיינע פֿייכטע פּאָלעס נאָך.

1915

✶

כ׳בין ווידער אין פאַרקלערטן קאַנט
אין מיינעם, ווידער צווישן מיינע,
און ווידער פאָכעט ווי אַ האַנט,
פון באַרג־מאַסיוו, די ווייסקייט זיינע.

עס שווימען גראָע פאַסמעס טאָג
פאַרביי פאַר מיר אויף אַלע ווענן,
און אָוונטיקער אומעט נאָגט
און הערט נישט אויף מיך אָנצורעגן.

דער שאָטן האָט אין זונפאַרגאַנג,
פון קלויסטערקעפ אַראָפּגענידערט.
אָ, פריינט פון שפּיל און לוסט־פאַרלאַנג,
איר וועט צו מיר נישט קומען ווידער!

אויך איר, זענט אין פאַרגעסנקייט
פאַרזונקען מיט דער צייט געוואָרן.
עס רוישט נאָר ס׳וואַסער בלויז און, ס׳גייט
די מיל, ווי אין די גוטע יאָרן.

און אָפּט, ווען אָוונט־נעפּל ווערט,
ווען ס׳קלינגען זומפּיקע די גראָזן, —
מתפלל בין איך צו דער ערד
פאַר דעם וואָס האָט די וועלט פאַרלאָזן.

1915—1916

*

דאָרט ווו ס'דרעמלען איינגעשפּאַרטע
סודות — לעבט נישט־דאָאיק פעלד.
כ'בין אַ גאַסט אַ נישט־דערוואַרטער
אויף די ערד־בערג דיינע — וועלט!

וואַלד און וואַסער, ברייטן, וייטן,
ס'הייבן בערג דעם שווונג אויך אויף,
נאַר פאַרנעפּלט האָבן צייטן
ס'ליכט פון דעם פּלאַנעטנלויף.

אויף דיין גוטס נישט אָנגעטראָפן —
בינדט מיך ס'מזל נישט מיט דיר.
ס'ליגט אַ נייער וועג פון צפון
איצט, אויף מזרח גרייט פאַר מיר.

ס'איז באַשערט מיר זיין אינאיינעם
מיט דער שטומער חשכות דאָ,
און נישט איבערלאָזן קיינעם
גאָרנישט, אין דער לעצטער שעה.

ס'וועלן נאָר די אויגן מיינע,
מיט דער שטערן־הויך אין זיי —
איבער אָפּגרונט זיך צעשיינען
העלע, ווי לבנה'ס צוויי.

1916

# אַ פוקס

א. מ. רעמיזאָוון

אויף אַ פּיסל אַ צעדרויבלט — צוגעהונקען
צו דער נאָרע, זיך צונויפגעדרייט פאַר ווײ,
מיט אַ בלוטיק שנירל — אָפּגעגרענעצט
ס'פּנים זיינס, דאָס סומנע — פונעם שניי.

פאַר די אויגן האָט דער שאָס אים אַלץ געבליצט נאָך
און געראויכערט שטעכיק, ווי די וואַלדיקייט.
פון די קוסטעס האָט אַ ווינט, מיט אימפּעט
אויסגעשאָטן קלינגענדיקן שרויט.

ס'האָט אַ גרינקייט איבער אים געגנעפּלט,
און געווען איז קלעפּיק, נאַס און בונט,
האָט מיט אומרו זיך דער קאָפּ געהויבן,
און די צונג — געגליווערט אויף דער ווונד.

פלאַמיק איז אין שנייווירבל זיין עק געפאַלן,
זיינע ליפּן האָבן ווי געבליפּט,
און אין וואַלדיק־סומנעם פרעסטלדיקן לײם־טשאַד
האָט דאָס בלוט פון אים געטריפט, געטריפט...

1916



ס׳ציט מיך דיין זיפץ פון פּאַרטראַכטקייט און קוועל —
צום וואַרעמען ליכט, אויף דער היימישער שוועל.

אונטער אַ דעכלקע איבערן קאָפּ —
דאָרט וואַרט באָבע־זיידע, דעם אייניקל אָפּ.

ווי אַ בעריאָזקע — איז ס׳אייניקל שלאַנק
און, האָניקדיק זוניק, און טראָציק אין גאַנג,

נאָר פון די אויגן די בלאָע, מיין פריינט,
קוקט ס׳לעבן זיינס ווייט נישט אַרויס שוין, צעשיינט.

ס׳שיקט זיי אין נעפּל, אַ שטראַליקע פרייד —
אַ מיידל וואָס זיצט, ווו די הייליקייט שטייט;

שמייכלט זי דין פונעם ווינקל אַרויס
און, האַלט זייער אייניקל איצט אויף דער שויס.

1917



מיט אַן אויפפלאַם פון כוח וואָס בליט —
זיך אַוועקגעלאָזט גיין און, איך גיי
מיט פון שטערן־באַלויכטענע טריט —
איבער ערשטן געפאַלענעם שניי.

זינגט אין וואַלד דאָס, דער האָן, צי דער ווינט ?
איז איצט אָוונט ? האָט טאָג זיך צעהעלט ?
אָנשטאָט ווינטערצייט — זיצן אַצינד
אפשר שוואַנען אויף לאָנקע און פעלד.

ווייסע גלאַטיקייט, אָ, ווי ביסט גוט !
ס'לייכטע פרעסטעלע רייצט און, מיך גלוסט
דריקן פעסט צום דערוואַרעמטן בלוט —
פון די ברעזעס די נאַקעטע ברוסט.

אָ, דו וואַלדיקע טיף ! אָ, דו פרייד
פונעם פעלד אונטער שנייאיקן בלענד !
איך בין שליסן אַ ווערבע איצט גרייט
און זי טרעסען מיט מיינע צוויי הענט.

1917—1918

## ליד וועגן ברויט

אַט, ווי ס'איז די גרויזאַמקייט די רויע,
ווו עס ליגט דער זין פון מענטשנס פּיין.
ס'שניידט דער סערפּ די זאַנגען, ווי געשניטן
וואָלט ער לאַנגע שוואַנענהעלדזער איין.

אונדזער פעלד — פון לאַנג, שוין לאַנג באַקאַנט איז
פון אַן אויגוסט־מאָרגן אין טומאַן.
געלע שטרוי אין סנאָפּעס אויסגעבונדן, —
ליגט אַ יעדער סנאָפּ: אַ בר־מינן.

ווי אויף קאַטאַפאַלקן — צו די שייערס
פירט מען זיי; די קליאַטשע — קוים זיך רירט.
שרייט דער פורמאַן, האַלט זיך, ווי אַ גלח
וואָלט מיט אַ לוויה אָנגעפירט.

און דערנאָך — אַן בייז און, אָפּגעהיטן,
בעט מען מיט די קעפּ אויף דר'ערד זיי אויס,
און מען שלאָגט מיט דרעש־שטעקנס, די דאַרע,
קליינע ביינדעלעך פון זיי אַרויס.

און ס'וועט קיינעם אויפן זין נישט קומען,
אַז דאָס געלע שטרוי איז פלייש און בלוט...
און די מענטשן־פרעסערן, די מיל נאָר —
מיט די ציין צעמאָלט די ביינער גוט.

און פון טייג, געזויערט פונעם מאָלעכטס —
באַקט מען אויס מאכלים אַלערליי...
דעמאָלט גייט דער ווייסער סם אין מאָגן
און ער לייגט פון שלעכטס דאָרט, איי נאָך איי...

ס׳גאַנצע גראָבע קאָרן — אָפּגעשלאָגן,
שיין געבאַקן ווי ס׳געהער־צו־זיין, —
גייט דערנאָך דאָס שטרוי־פלייש דאָס פאַר׳סמ׳טע,
אין די קישקעס, ווי אין מיל אַריין.

פייפן, ווי דער האַרבסט — אינגאַנצן געגנט:
רויבער, מערדער, גנב, שאַרלאַטאַן...
ווייל עס שניידט דער שאַרפער סערפּ, די זאַנגען,
ווי געשניטן העלדזער — שוואַן נאָך שוואַן.

1918

*

די פריזור אַ גרינע,
די ברוסט אַרויסגערוקט.
בעריאָזקעלע, דו דינע,
וואָס האָסטו זיך פאַרקוקט?

וואָס רוימט עס איין דער ווינט דיר?
וואָס קלינגט ביים סטאַוו דאָס זאַמד?
צי ווילט זיך נישט אַצינד דיר
דער נאַכטס לבנה־קאַם?

כ'האָב זייער ליב־באַקומען
פון ערב האַרבסט דעם קלאַנג;
אַנטפּלעק פאַר מיר דיין שטומען,
דיין ביימערשן פאַרלאַנג.

און ס'ענטפערט, ענטפערט גערן
ס'בעריאָזקעלע: מיין פריינט!
אַ פאַסטעך האָט מיט טרערן
פאַר מיר צעוויינט זיך היינט;

לבנה האָט אין שיינען —
געשאָטנט אַרום זיך —
ווען פאַר די קני, פאַר מיינע,
געהאַלטן האָט ער מיך,

און מיט אַ זיפֿץ אַ שטומען,
געזאָגט: געזעגנט זײַ —
ביז ס'װעלן װידער קומען
די בושלעס, פֿונדאַסניי.

1918

*

ס'האָבן גאָלדענע בלעטער פאַרדרייט זיך
אינעם ראָזלעכן וואַסער פון טייך, —
ווי אַ שמעטערלינג־סטאַיע צום שטאַרבן —
וואָלט צום שטערן געטראָגן זיך לייכט.

כ'בין פאַרליבט אינעם היינטיקן אָוונט,
ס'איז צום האַרץ מיר דער טאָל — געלערהייט.
ס'האָט אַ ווינטל אַ יונגס, דער בעריאָזקע
ביז די אַקסלען פאַרהויבן דאָס קלייד...

קיל — אין טאָל איז, און קיל — דאָס געמיט איז,
און אַ שאָפּענע דעמערונג בלאָט ;
עס וועט אָפּקלינגען, אָפּשטאַרבן ס'פּייקל
אין פאַרמאַכטן, פאַרשוויגענעם סאָד.

כ'האָב ביז איצטער אַזוי נישט געהערט נאָך
די פון בלוט און פון פלייש־קלוגע שפּראַך ;
ס'וואָלט איצט גוט־זיין זיך אונטערצוטונקען,
ווי אַ ווערבע אין טייכס ראָזער פלאַך ;

אָדער — ליגן אין ליכט פונעם מולד
אויף אַ היי־סטויג און, קייען אַ זאַנג...
אָ, דו פרייד מיינע, שטילע, ווו ביסטו —
אויף צו ליבן אַלץ — אָן אַ פאַרלאַנג ?...

1918

## דער ווידוי פון אַ כוליגאַן

נישט יעדער קאָן זינגען,
נישט יעדן איז באַשערט צו פרעמדע פיס —
אַן עפּל פאַלן.

דאָס איז דער גרעסטער ווידוי,
וואָס אַ כוליגאַן איז זיך מתודה.

כ׳גיי אַ נישט־געקעמטער אויף להכעיס,
מיט אַ קאָפּ, ווי מיט אַ נאַפטלאָמפּ אויף די פּלייצעס,
עס געפעלט מיר אין דער פינצטער צו באַלייכטן
איי׳רע בלעטערלאָזע, האַרבסטיקע נשמות.

עס געפעלט מיר, ווען די זידלשטיינער
פאַלן ווי אַ שווערער האָגל בייז אויף מיר.
איך דריק בלויז פעסטער צו דאַן מיט דער האַנט
מיין אויפגעבלאָזענע, צעכוואַליעטע טשופּרינע.

איז גוט מיר דאַן אַזוי זיך צו דערמאָנען
דעם טייך פאַרוואַקסן, פון די אַלשינעס דעם הייזעריקן
קלאַנג ;

אַז ערגעץ ווו ביי מיר וווינט טאַטע־מאַמע,
וואָס שפּייען אויף די לידער מיינע און אויף מיין געזאַנג ;
וואָס טייער בין איך זיי, ווי פעלד, ווי לייב,
ווי פרילינגרעגן, וואָס מאַכט ווייך דאָס גרינס,

זיי וואָלטן מיט די פעלדגאָפּלען געקומען אייך דערשטעכן
פאַר אייער יעדן שריי, וואָס איר דערלאַנגט אויף מיר.

פויערים, איר אָרעמע!
איר זענט נאָך אַלץ נישט שיין־געוואָרן זיכער,
איר האָט מורא נאָך פאַר גאָט און פאַר די שדים־זומפּן.
ווען פאַרשטאַנען וואָלט איר,
אַז אייער זון אין רוסלאַנד,
איז דער גרעסטער דיכטער!
האָט איר פאַר זיין לעבן מיטן האַרץ געטאָן אַ ציטער,
ווען ער האָט אין האַרבסטלוזשעס אַ באָרוועסער
געוויקט זיך?
איצטער טראָגט ער אַ צילינדער
און לאַקירטע שיך...

נאָר ס׳לעבט אין אים נאָך אַלץ די דאָרפישע געוווינהייט
און, איז חוצפה׳דיק, פאַרשייט.
פאַר יעדער קו, געמאָלן אויף אַ יאַטקעשילד —
פאַרנויגט ער זיך פון ווייט.
און טרעפט ער זיך מיט בעל־עגלות אויף די פּלעצער,
און דער ריח, ווי פון פעלדער היימישע, אין נאָז פאַרגייט, —
איז ער גרייט ביי יעדן פערד דעם וויידל אונטערטראָגן,
ווי אַ שלעפּע פון אַ חופה־קלייד...

כ׳האָב ליב די היים.
כ׳האָב זייער און זייער זי ליב!

כאָטש אומעט איז פֿאַראַן אין איר פֿון ווערבעדיקן ראָסט.
מיר זענען ליב די אויסגעשמירטע חזירישע מאָרדעס,
און אין שטילקייט פֿון דער נאַכט — דאָס קלינגענדיקע
קול פֿון **פראָש.**

כ׳בין צערטלעך קראַנק דערמאָנענדיק מיין קינדהייט,
די אָוונטן אַפּריל־צייט, ווען ס׳איז פֿייכט נאָך און עס נעצט,
ווי ס׳וואָלט ביים שייטער פֿונעם זונפֿאַרגאַנג —
דער קליאָן — דערוואַרעמען זיך, צוגעזעצט.
אָ, וויפֿל האָב איך אייער פֿון די קראָענעסטן
אויף די צווייגן שוין געגנבעט ?
איז ער אַלץ דער זעלבער מיט זיין גרינעם קאָפּ נאָך ?
איז זיין קאָרע נאָך ווי פֿריער שטאַרק ?

און דו, מיין ליבער
פֿיגעוואַטער הונט געטרייער ? !
ביסט פֿון אַלטקייט קוויטשענדיק געוואָרן שוין און בלינד,
דו שלעפּסט זיך אויפֿן הויף אַרום, דעם עק אַראָפּגעהאָנגען,
טרעפֿסט נישט מיט דיין ניוך מער צו דער טיר
און צו דער שטאַל אַצינד.
ווי טייער זענען מיר די יעניקע פֿאַרבאָטן,
ווען איך פֿלעג פֿון שטוב, די מאַמע זאָל נישט וויסן,
אַרויסטראָגן אַ לאַכמע ברויט און, האָב מיט דיר
געטיילט זיך,
און איינער האָט דעם צווייטן נישט באַעוולט מיט קיין ביסן.

כ'בין אַלץ דער זעלבער.
מיטן האַרץ — נאָך אַלץ דער זעלבער.
ווי קאָרנבלימלעך בליען נאָך אין פּנים מיינע אויגן.
שפּרייטנדיק די לידער מיינע ווי פאַרגילדטע ראָגזשעס —
ווילט זיך מיר אייך זאָגן עפּעס צערטלעכס.

אַ גוטע נאַכט!
אַ גוטע נאַכט אייך אַלעמען!
ס'האָט אָפּגעקלונגען אויפן גראָז
די קאָסע פונעם בין־השמשותדיקן אויפגאַנג.
איך וואָלט זייער, זייער היינט געוואָלט
דורכן פענצטער משתּין־זיין אויף דער לבנה...

ס'ליכט איז בלאָ, ס'איז בלאָ אַזוי דאָס ליכט!
אין דער בלאָקייט איז אפילו שטאַרבן נישט קיין שאָד.
איז וואָס, אַז כ'וועל זיך אויפן הינטן מיינעם —
אַ לאַמטערנע אויפהענגען אויף שפּאָט!
אַלטער, גוטער, אויסגענוצטער פּעגאַס,
איז פאַר מיר די ווייכקייט פון דיין שפּרינגען?
כ'בין געקומען ווי אַ שטרענגער מייסטער,
כ'זאָל באַרימט־מאַכן די שטשורעס, זיי — באַזינגען.
ווי אין חודש אויגוסט —
רינט מיט ווײַן פון מיינע גריוועס האָר אַראָפּ.

כ'וויל זיין דער געלער זעגל,
וואַהין מיר שווימען אַלע אָפּ.

1920



כ׳באַדויער נישט, איך רוף נישט, וויין נישט,
וואָס איך פיל זיך שוין נישט יונג מער, ניין !
ווי אין האַרבסטגאָלד און, אין רויך פון ווייסן
עפּלבוים — אַזוי וועל איך פאַרגיין.

ווערסט שוין מער אַזוי נישט שלאָגן — האַרץ מיינס, —
פונעם דינעם פרעסטעלע באַרירט ;
ווערסט אין לאַנד פון ברעזע־וועלדער־נעצן —
מער זיך נישט אַרומשלעפן, פאַרפירט.

וואָגל־גייסט ! דו רודערסט זעלטן אויף שוין
אין מיין אויג און אין מיין מויל — דעם פלאַם.
אָ, מיין אָנגעווירענע שוין פרישקייט !
אָ, געפילן־אויסגוס פון אַ ים !

כ׳בין געוואָרן קאַרג שוין אין פאַרלאַנגען,
לעבן ! האָסטו זיך געחלומט מיר ?
בין איך פרילינגצייט אין אַ פרימאָרגן —
אויף אַ ראָזע פערד אַוועק פון דיר ?

אַלע, אַלע זענען מיר פאַרגענגלעך.
פון די קליאָנען — האָניק רינט ווי וויין.
זאָל־זשע זיין געבענטשט — ווער ס׳איז געקומען
בליען, אָפּצובליען און, נישט זיין...

1921



מאַריענהאָפן

כ׳בין דער לעצטער פּאָעט פונעם דאָרף שוין
אין די לידער — אַ בריקעלע בלויז,
כ׳שטיי ביים אָפּשייד־געבעט פון די ברעזעס,
וואָס דעמפן זיך קטורת׳דיק אויס.

ס׳וועט דאָס לייב־וואַקסן ליכט דערברענען שוין
מיט אַ גאָלדענעם פלאַם ביז צום דנאָ,
און דער הילצערנער זייגער וועט אויסכריפּען
שוין מיין לעצטע, מיין צוועלעפטע שעה.

ס׳וועט אַן אייזערנער גאַסט באַלד אַרויסגיין
אויף דער סטעזשקע דער בלאָער אין פעלד, —
מיט אַ דלאָניע אַ שוואַרצע — צו קלויבן
זשמעניעס קערנער מיט אויפגאַנג צעהעלט.

אָ, איר דלאָניעס, איר טויטע און פרעמדע,
ס׳וועט נישט לעבן ביי אייך מיין ליד!
נאָר די זאַנגען, ווי פערד, וועלן בענקען
נאָך דעם שניטער דעם אַלטן, אויף שניט.

ס׳וועט דער ווינט ביי זיי אויסזינגען ס׳הירזשען,
און אַ קבורה־טאַנץ אָפּריכטן דאָ.
ס׳וועט דער הילצערנער זייגער באַלד אויסכריפּען
שוין מיין לעצטע, מיין צוועלעפטע שעה.

1921

*

לאָמיר זיצן אינדערשטיל דאָ
אויג אויף אויג מיט די באַגערן.
כ׳וויל אין בליקן גוטע, מילדע —
שטורעם פון געפילן, הערן.

אָט דאָס האַרבסטגאָלד, דעם פאַרווייטן
קאָפּ, מיט זילבער דורכגענומען —
איז צו מיר, דעם ווילד־פאַרשייטן,
ווי אַ גרויסע הילף געקומען.

כ׳האָב שוין לאַנג פאַרלאָזט מיין געגנט
ווו געדיכטע וועלדער בליען.
כ׳האָב אין שטאָט — מיט מיינע וועגן...
ביז מיין סוף געוואָלט דערציען.

כ׳האָב געוואָלט אַז ס׳האַרץ, דערמאָנען
זאָל דעם סאָד, די זומעריאָרן,
ווען, אַדאַנק דער פרעש־סימפּאָניע
בין איך אַ פּאָעט געוואָרן.

ס׳איז די צייט איצט דאָרט, די שענסטע:
האַרבסט, דער קליאָן, די ליפּעס — בענקען,
טאַפּן ווי מיט הענט, די פענצטער,
זוכן וועמען זיי געדענקען.

ס'האָט דער דאָרפישער בית־עולם
זיי שוין לאַנג צו זיך גענומען —
יאָגט נאָך זיי אַ יעדנס צלם,
אַז מיר וועלן אויכעט קומען...

אַז, נאָך אומרו און געיעגן
וועט מען אונדז אויך, פּלאַץ דאָרט געבן.
אַלע כוואַליענדיקע וועגן
גיסן פרייד צו די וואָס לעבן.

לאָמיר זיצן אינדערשטיל דאָ,
אויג אויף אויג מיט די באַגערן.
כ'וויל אין בליקן גוטע, מילדע —
שטורעם פון געפילן, הערן.

1923



ס׳האָט דער אָוונט די ברעמען פאַרזונקען,
פאַרן הויף שטייען עמעצנס פערד.
האָב איך נעכטן מיין יוגנט פאַרטרונקען ?
האָב איך נעכטן דיך מער נישט באַגערט ?

נישט געכראָפּעט, פאַרשפּעטיקטע טרויקע !
מיר האָבן שוין אַלץ הינטער זיך.
וועט דאָס קראַנקנהויז אפשר, די קויקע —
שוין אויף שטענדיק באַרואיקן מיך ?

אפשר וועל איך שוין אויסגעהיילט ווערן
פון אַ לעבן, וואָס פירט מיך צו גרונט.
איך וויל לידער אין רעגנס, נאָך הערן,
ווי עס הערט זיי נאָר — ווער ס׳איז געזונט.

כ׳וועל פאַרגעסן ווי ס׳האָבן געריסן
אַלע פינצטערע כוחות מיך.
ליב געשטאַלט דו, מילדס, זיי וויסן —
כ׳וועל פון אַלע — געדענקען נאָר דיך.

כ׳זאָל אפילו אַ צווייטע שוין ליבן, —
דערציילן איר וועל איך פון דיר,
אַז ביסט אַלץ מיר נאָך טייער געבליבן,
ווי געוועזן ביסטו טייער ביי מיר ;

אַז דאָס לעבן ביי אונדז איז געפלאָסן,
ווי עס וואָלט קיין געוועזנס געווען...
וואָס־זשע ליגסטו דאָ איצט, ווי פאַרגאָסן —
מיין געראָטענער היץ־קאָפּ אין ברען ?...

שפּיטאָל אויף פּאָליאַנקע, 1923

# די ליבע פון אַ כוליגאַן

כ׳האָב פאַרגעסן די היימישע ווייטן.
ס׳האָט פאַרכאַפּט מיך אַ פייער אַ גרויס.
ס׳ערשטע מאָל ווי איך זינג וועגן ליבע
און, איך מייד די סקאַנדאַלן שוין אויס.

כ׳בין צו פרויען געווען נישט־דערטרעגלעך.
כ׳בין געווען אַ פאַרוואָרלאָזטער סאָד —
האָט מיך אָפּגעגלוסט טרינקען און, ס׳לעבן
צו פאַרלירן — אויף קיינעמס באַראָט.

כ׳וואָלט דיין טיפן, דיין גאָלד־ברוינעם בליק נאָר
וועלן זען און, בלויז קוקן אויף דיר, —
אַז עס זאָל — טראָץ מיין עבר מיין שלעכטן —
דיר נישט לייכט־זיין אַוועקגיין פון מיר.

אָ, דו צאַרט, דו פאַרכאַפּנדיק וועזן,
מיט דיין לייכטן געשטעל פון אַ שוואַן! —
ווען דו ווייסט ווי אַזוי עס קאָן ליבן,
זיין געהאַרכזאַם — אַזאַ כוליגאַן!

איך וואָלט אויפגעהערט לידער צו שרייבן.
זיך אויף אייביק — נישט טרינקען — פאַרזאָגט, —
דיר צו גלעטן די האָר, וואָס פאַרמאָגן
אַזאַ פאַרב, וואָס דער האַרבסט נאָר פאַרמאָגט.

כ'וואָלט אויף אייביק מיט דיר נאָר געגאַנגען —
ווי די ווייט וואָלט געפירט און געבראַכט.
ס'ערשטע מאָל ווי איך זינג וועגן ליבע,
ס'ערשטע מאָל — קיין סקאַנדאַל נישט געמאַכט.

1923



ווען מיט הילך צעטראָגן איז מיין רום געוואָרן,
האָב איך אָפּגעסמט אייך, מיינע יונגע יאָרן.

כ'ווייס נישט: איז מיין סוף שוין נאָענט,
אָדער ס'וועט נאָך דוי'רן.
ס'האָבן מיינע אויגן זייער בלאָקייט שוין פאַרלוירן.

פרייד, מיין פרייד, ווו ביסטו מיטאַמאָל אַוועקגעקומען?
ביסטו אויפן פעלד? אין שענק? איך זע — נאָר אַלץ
צעשוווּמען.

שטרעק איך אויס די הענט און — כ'מיין מיט זיי
וואָס אָנצוטאַפּן —
זע איך: שניי... אַ שליטן... וואַלד... און כ'הער
אַ פערדיש סאַפּען.

„העי, דו בעל־עגלה, טראָג! כוחות האָסטו, ליבער!
נישט קיין שאָד פאַרלירן ס'האַרץ, איבער אָט די גריבער".

און דער בעל־עגלה — איינס: כ'וויל זיי נישט דערהיצן,
אין אַ שנייגעווירבל, פריינט, טאָרן פערד נישט שוויצן.

„בעל־עגלה, ביסט אַ טרוס, גיב די בייטש, צום פלייסן"!
כ'האָב די רוקנס פון די פערד אָנגעהויבן שמייסן.

כ׳שלאָג. עס הערט די בייטש נישט אויף צו פאָכען
און צו קנאַלן.
מיטאַמאָל און — כ׳בין פון שליטן — ווי אַריינגעפאַלן...

כ׳קום צו זיך, נאָר — וואָס׳ער טייוול! אָנשטאָט זי,
די טרויקע —
ליג איך אַ פאַרבונדענער ערגעץ אויף אַ קויקע.

אָנשטאָט אויף אַ וועג אויף וועלכן שלעכט איז פערד
צו יאָגן —
הער איך מיטן נאַסן טוך נישט אויף דאָס קישן שלאָגן.

כ׳זע אין זייגער אַ געזיכט, וואָנסעס צוויי און אויגן,
און עס זיצן איבער מיר פלעגערנס געבויגן.

שלעפעריקע — כראָפּען זיי: עד, דו גאָלד־געלאָקטער!
האָסט אַליין זיך אָפּגעסמט — ברענט עס דיר
און ס׳נאָגט דיר.

און מיר ווייסן נישט ווי לאַנג דער סוף ביי דיר קאָן דויערן.
האָסט אין שענק — די בלאָקייט פון די אויגן אָנגעווירן.

1924



גייען מיר צוביסלעך שוין אַריבער
דאָרט אַהין ווו אַלע וועלן גיין...
איז מיר אפשר אויך שוין צייט, דער ליבער
גוטער ערד, צו ברענגען מיין געביין?

ליבע ברעזעוועלדער! ברעזע־ריח!
זאַמדפלאַכן! דו, ערד פון גוטס און האָב!
כ'בין, באַהאַלטן ס'בענקשאַפט נישט בכוח —
וועגן די וואָס גייען מענגעס אָפּ.

כ'האָב צו פיל געליבט פון אַלע גאָבן,
זיך פאַר עולם־הזה נאָר געבוקט.
פרידן צו די אָלשינעס וואָס האָבן
זיך אין ראָזע וואַסערן פאַרקוקט.

פיל שוין וועגן זיך געשריבן לידער,
פיל געדאַנקען אינדערשטיל געוועבט,
און כ'בין גליקלעך וואָס אויף פינצטער, מידער
ערד, האָב איך געאָטעמט און געלעבט.

אַז געקושט כ'האָב פרויען און, האָב בלומען
נאָר געקנייטשט; געוואַלגערט זיך אין גראָז;
ברידערלעך, צו חיות זיך באַנומען,
נישט געשלאָגן, זיי צו־רו־געלאָזט.

כ׳ווייס — נישטאָ קיין וועלדער דאָרט, צעבליטע,
ס׳קלינגט דער ווייץ נישט שוואַנענהאַלדזיק, דין —
נעמט דערפאַר מיך שטענדיק דורך אַ ציטער
איבער די, וואָס גייען אָפּ אַהין.

כ׳ווייס — נישטאָ קיין פעלד דאָרט און, קיין שייער —
אונטער נעפלען גאָלדענע צעהעלט.
זענען מיר דערפאַר די מענטשן טייער —
לעבנדיק מיט מיר דאָ אויף דער וועלט.

1924

## אַ בריוו צו דער מאַמען

לעבסטו נאָך, אָ אַלטיטשקע דו מיינע ? !
כ'לעב נאָך אויך ; פון האַרצן גריס איך דיך.
זאָל איבער דער קליינער הייזקע דיינער,
פאַלן, ס'וווּנדערלעכע אָוונטליכט.

ווי מען שרייבט מיר, זעט מען דיך — באַהאַלטן
מיט דיין גרויסן אומרו איבער מיר,
אַז דו גייסט אין נישט קיין מאָדיש, אַלטן
לעטניק, ווען װײַנט אַראָפּ פון דיר,

און אין בלאָען אָוונט־טונקל, גרעסער
זעסטו אַלץ דאָס זעלבע בילד פון שרעק :
אַז עס האָט ווער מיט אַ פיניש מעסער —
אין אַ שענק דערלאַנגט מיר, אין געשלעג.

גאָרנישט אַלץ ! — מיין טייערע און ליבע,
ס'זענען רייד פון היץ, באַרואיק זיך !
כ'טרינק זיך נאָך אַזוי אויף טויט נישט איבער —
כ'זאָל נישט זען שוין פאַרן שטאַרבן, דיך.

כ'בין דער זעלבער ווי געווען — אַ צאַרטער,
און מיין טרוים מיין איינציקער איז בלויז :
מיט מיין בענקשאַפט קומען אַ דערוואַרטער,
צריק אין אונדזער נידעריטשקן הויז.

איך וועל קומען, ווען די צווייגן וועלן
אינעם סאָד צעשפּרייט־זיין פרילינגדיק.
זאָלסט נאָר, ווען אויף טאָג וועט נעמען העלן —
מיך נישט וועקן, ווי מיט יאָרן צריק.

וועק נישט די שוין אָפּגעטרוימטע יאָרן,
רעג נישט דאָס צו וואָס איך האָב געשטרעבט,
פרי בין איך אַ סך געפּרווווט געוואָרן
און, ביז מידקייט — פיל שוין דורכגעלעבט.

לערן מיך נישט דאַוועגען, נישט נויטיק!
סוועט צום אַלטן צריק נישט ברענגען מיך.
דו נאָר, ביסט די טרייסט מיר אין מיין ווייטיק,
דו נאָר, ביסט מיין אומבאַשרייבלעך ליכט.

טאָ פאַרגעס דיין אומרו און, נישט טרויער
אַלטיטשקע דו מיינע — איבער מיר.
טראָג נישט דעם אַלטמאָדישן און גרויען
לעטניק, וועלכער ווײנט אַראָפּ פון דיר.

1924

## אַ בריוו פון דער מאַמען

וואָס טראַכט מען ווידער צו פּאַר איר אַ נייעס ?
פון וואָס, אַ שטייגער, זאָל איך שרייבן איר ?
אָט ליגט אויף מיין נישט היימלעך, כמורנע טישל
אַ בריוו, וואָס ס׳האָט געשיקט די מאַמע מיר.

זי שרייבט מיר: אויב דו קאָנסט, מיין ליבער זון —
טאָ, קום מיין טייערער אַהיים אויף ניי־יאָר;
זע, קויף דעם טאַטן הויזן, מיר — אַ שאַל,
ס׳איז גרויס ביי אונדז דער דוחק, אַלץ איז טייער...

ס׳געפעלט מיר נישט דאָס זיין דיינס, אַ פּאָעט,
דער שלעכטער רום דיינער, פון דיין מלאכה.
וואָלסט בעסער קליינערהייט געווען
אין פעלד געגאַנגען נאָך דער סאָכע!

כ׳בין אַלט שוין, אַלט און שוואַך. מיט דיר דאָ —
וואָלטן מיר אַ שטיקל הילף געקריגן:
געהאַט וואָלסטו אַ ווייב און, איך — אַ שנור,
און כ׳וואָלט געווען אַן אייניקל איצט וויגן.

נאָר דו — צעשפּרייט האָסט קינדער אינדערוועלט,
און לייכט — אַ צווייטן, ס׳ווייב אַוועקגעגעבן,
און ביסט, אַ הפקר־מענטש, אַ וואַגאַבונד —
אַוועק פאַרטרינקען אין אַ שענק, דיין לעבן.

מיין ליבער זון, וואָס איז מיט דיר?
עס איז דיך, פּשוט, מער נישט צום דערקענען!
מען פלעגט דאָך זאָגן — רעדנדיק פון דיר:
ווי גליקלעך ס'איז דער טאַטע פון יעסענין!...

דו ביסט דאָך אונדזער האָפענונג געווען!
און ס'איז דערפאַר אונדז ווייטיקלעכער, שווערער,
ווייל ס'האָט אומזיסט דער טאַטע ווען, געטראַכט,
אַז דאַרפסט פאַר לידער נעמען געלט וואָס מערער...

נאָר וויפל זאָלסט נישט נעמען — שיקסטו גאָרנישט צו...
און — ס'רינען רייד פאַרביטערט און דערווידער. —
כאָטש כ'ווייס און, ווי איך זע אַרויס פון דיר —
באַקומט מען נישט קיין געלט פאַר לידער.

ס'געפעלט מיר נישט דאָס זיין דיינס, אַ פּאָעט,
דער שלעכטער רום דיינער, פון דיין מלאכה.
וואָלסט בעסער קליינערהייט געווען,
אין פעלד געגאַנגען נאָך דער סאָכע!

ווי אינדערפינצטער לעבן מיר מיט אונדזער צער,
מיר האָבן שוין די פערד נישט. וואָלסטו זיין־דאָ, —
וואָלט אַלץ געווען, ווייל מיט אַ קאָפּ אַזאַ —
פאַר פּאָרזיצער און אָרטסראַט, וואָלסט אַריין־דאָ;

וואָלט פרייער זיך געלעבט; מען וואָלט אונדז נישט געיאָגט,
און דו — דו וואָלסט אַזוי נישט מיד געוואָרן,
דיין ווייב — זי וואָלט ביי מיר געווען געשטריקט,
און ס'וואָלט פאַרלייכטערט אונדז די אַלטע יאָרן.

— — — — — — — — — — — — — — — —

איך קנייטש דעם בריוו. כ'פאַרזינק אין אַ תהום,
צי מוז איך אָן אַן אויסגאַנג — מיט מיין גאַנג, שוין בלייבן?
נאָר וועגן אַלץ וואָס כ'טראַכט — וועל איך דערציילן נאָך,
דערציילן אינעם ענטפער וואָס כ'וועל שרייבן.

1924

## אַן ענטפער

אָ, אַלטיטשקע דו מיינע, לעב זיך ווי דו לעבסט !
איך פיל דיין ליבע און דיין זאָרג, דיין ווּנטש דעם פרומען,
נאָר וועסט קיין טראָפּן, מיין איך, נישט פאַרשטיין
מיט וואָס איך לעב, מיט וואָס איך בין פאַרנומען.

ביי אייך איז ווינטער איצט און, נעכט לבנה־העלע.
איך ווייס : נישט איינע זעסטו אין זאַוויי,
ווי עמעץ וואָלט געקאָלערט ווייסעביימער
וואָס פאַרשיטן ס׳פענצטער דיר, מיט שניי.

ווי שלאָפט מען אין אַ שנייגעוויטער איין ?
וואָס וויל דער טרויריק־קרעכצנדיקער קוימען האָבן ?
דו ווילסט זיך לייגן — זעסטו נישט קיין בעט, —
אַ שמאָלער גרוב... דאָס גייט מען מיך באַגראָבן...

ווי פסאַלמען־זאָגערס טויזנטער — עס זינגט און נאָגט
אַ ווייענדיקס — דער שטורעם דער געמיינער ;
דער שניי, דער דראָבנער, שיט און לייגט זיך שטיל,
און פאַרן קבר — נישט קיין ווייב, נישט קיינער...

דעם פרילינג האָב איך ליבער מער פון אַלץ.
כ׳האָב ליב פאַרפלייצונג, שטראָמיקייט, פאַרשווימונג,
געהילץ וואָס טראָגט זיך ראַש איבער אַ ברייט,
וואָס איז נישט מיטן אויג אַרומצונעמען.

נאָר יענעם פרילינג וועלכן איך האָב ליב —
אים רוף איך אָן: די רעוואָלוציע דאָ, די גרויסע;
פאַר איר נאָר לייד איך און עס טוט מיר וויי,
אויף איר נאָר וואַרט איך און, איך רוף אַרויס זי...

די מיאוסע פלאַנעטע נאָר, די קאַלטע —
זי וועט מען מיט דער לענין־זון נישט אויפטייען אויף גיך;
דערפאַר האָב איך מיט האַרצוויי פון אַ דיכטער —
צום טרינקען און סקאַנדאַלעווען גענומען זיך.

נאָר קומען וועט אַ צייט, מיין האַרציק־ליבע,
ז׳עט קומען די געווונטשטע צייט נאָך ווען!
מען איז נישט ביים געווער אומזיסט געזעסן,
געזעסן ביים האַרמאַט, צי ביי דער פען...

פאַרגעס פון אַלץ און, רעד נישט וועגן געלט.
ביסטו עס, דו? — אַזוי זיך צו פאַרלירן!
איך בין דאָך נישט קיין קו, קיין אייזל נישט, קיין פערד —
מען זאָל ווי פון אַ שטאַל־אַרויס מיך פירן!

איך וועל אַליין אַרויס — ווען איבערן פלאַנעט
וועט נויטיק־זיין נאָך פייער פון האַרמאַטן;
אַז כ׳וועל זיך אומקערן — דאַן קויף איך דיר
אַ קאָפּטיכל און, עפּעס פאַרן טאַטן.

ווי פסאַלמען־זאָגערס טויזנטער — עס זינגט נאָך
מיט געוויין
און, דרייט — דער ווייסער שטורעם, דער געמיינער;
דער שניי, דער דראָבנער, שיט און לייגט זיך שטיל,
און פאַרן קבר — נישט קיין ווייב, נישט קיינער...

1924

## צוריק אינדערהיים

כ'האָב באַזוכט מיין אַלטע היים.
דאָס דערפעלע
ווו איך האָב קליינערהייט געוווינט ;
ווו אָן אַ צלם — איז דאָס צערקווועלע,
ווי מיט אַ טורעמל פון ברעזעהאָלץ באַקרוינט.

ווי האָט זיך עס געענדערט דאָרט —
אין זייער קלעגלעך, אָרעם לעבן !
וויפל נייעסן געגעבן
האָט מיר יעדעס ווינקל, יעדעס אָרט !

דעם טאַטנס הויז —
איך האָב עס נישט דערקענט ;
עס פעלט אפילו פאַרן פענצטער שוין, דער קליאָן,
און אויפן גאַניקל — דער מאַמענס הענט —
זיי קאָרמען שוין די הינדעלעך נישט אָן...
הפנים — אַלט־געוואָרן...
יאָ, שוין אַלט...

און — פרעמד מיר, פרעמד זעט אויס די גאַנצע געגנט,
וועלכע איך באַטראַכט מיט טרויער.
ווי פריער — בלייכט זיך נאָך דער באַרג ביים וואַלד,
און נעבן באַרג —
דער הויכער שטיין, דער גרויער.

אָט איז — ס'בית־הקברות !
דורכגעפוילטע צלמים נאָר פאַראַנען.
ווי עס וואָלטן מתים, אין געשלעג —
מיט שטאַרע הענט צענומענע געשטאַנען.

אויף אַ שטעקן אָנגעשפּאַרט —
קומט אָן אַן אַלטער, מיטן שטעג,
און ווישט ביים גיין, דעם שטויב אַראָפּ פון וועג.
— העי, דורכגייער !
דו קאָנסט מיר אפשר אָנווייזן
וווּ ס'ווינען די יעסעניינס דאָ... טאַטיאַנאַ ?

— טאַטיאַנאַ... הם...
ביי יענער הייזקע דאָרט, אַנטקעגן.
און דו, וואָס קערסט זיך אָן מיט איר ? אַ קרוב ?
צי דער זון, וואָס איז פאַפאַלן איר,
אַוועק אויף שלעכטע וועגן ?...
— יאָ, דער זון,
נאָר וואָס איז אַלטיטשקער, מיט דיר ?
וואָס קוקסטו, זאָג —
אַזאַ פאַרטרויערטער, אויף מיר ?

— אַז אָך און וויי ! —
דערקענסט שוין נישט דעם זיידן !
— זיידעשי, ס'ביסטו ?
און — ס'האָט בייביידן

ווי אַ פלייצגעטאָן מיט רייד און טרערן...

— — — — — — — — — — — — — — — —

— ס׳וועט דיר, כ׳לעבן, דרייסיק יאָר באַלד ווערן. . .
מיר — שוין ניינציק. . .
נאָענט שוין צום קבר.
לאַנג דיר צייט־געוועון זיך אומצוקערן —
רעדט ער, רעדט און קנייטשט דערביי דעם שטערן.
יאָ ! . . . אַ צייט !
ביסט אויך אַ קאָמוניסט ?
— ניין ! . . .
— און דיינע שוועסטער זענען קאָמסאָמאָלקעס.
אַזאַ עקל ! ממש — אומצוקומען ! —
האָבן די איקאָנעס שוין אַרויסגעוואָרפן פון די פאָלקעס,
און דעם צלם פון דער צערקווע —
האָט דער קאָמיסאַר אַראָפּגענומען —
איז נישטאָ שוין ווו צו גאָט צו בעטן —
גיי איך אינגעהיים אין וואַלד־אַריין
און דאַוון פאַר די אָשינעס די שטילע. . .
אפשר וועט זיך אָננעמען מיין תפילה ! . . .

— נו, קום אַהיים —
וועסט אַלץ שוין זען אַליין.

מיר גייען.
גייען איבער סטעזשקעס. טרעטן איבער פליין.
מיך קוויקן פּאַשעפּעלדער, וועלדער לינקס און רעכטס.

דער זיידע קוקט צום גלאָקנטורעמל און קרעכצט.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

— גאָט העלף, מאַמע! אַ געזונט!
און ווידער נעם איך ס'טיכל צו די אויגן צו...
ס'וואָלט זעענדיק אַן אָרעמקייט אַזאַ —
געיאָמערט אויך אַ קו.
אויף אַ ווענטל — לענין פון אַ קאַלענדאַר.
ס'אַ לעבן — נאָר פאַר מיינע שוועסטערן,
און איך — אין ווייטיק און אין צער —
בין קניען גרייט
פאַר מיינע היים־קאַנטן אין זייער גרויסער נויט.
געקומען זענען שכנים...
איינע מיט אַ פּיצלס אויף די הענט.
זיי האָבן מיך באַטראַכט און, נישט דערקענט.
אויך ס'הינטל האָט מיך בייראָנמעסיק, קיל,
באַגעגנט פאַרן טויער, מיט געביל...

— אַך, היים, מיין היים!
כ'דערקען דיך נישט!
אויך מיך איז שווער שוין צו דערקענען;
נאָר ס'מויל דער שוועסטערס, הערט נישט אויף צו לאַכן —
ווען דער זיידע מיט דער מאַמען, טרויריק זענען.
ס'איז מיר נישט קיין הייליקער — אויך לענין,
נישט פאַר אים — מיין תפילה און געזאַנג.
כ'האָב ליב נאָר מיין משפחה...
און פאַרנויגן זיך, פאַרנויג איך מיך —

ווען כ׳זעץ זיך
אויף דער הילצערנער און פּראָסטער באַנק.

נו, רעד מיין שוועסטער, רעד !

און, ווי אַן עוואַנגעליע —
מאַכט זי אויף פאַר מיר דעם ׳קאַפּיטאַל״ און, בלעטערט,
וויל מיך קלאָר־מאַכן אין מאַרקס און ענגעלס,
וועמענס ביכער כ׳האָב ביי קיין שום וועטער
נישט געליינט ;
און ס׳איז מיר קאָמיש, ווי אַזוי דאָס מיידעלע דאָס שאַרפע,
האָט מיר „אָנגעדרייט אַן אויער״.
— — — — — — — — — — — — — — — —
בייראָנמעסיק, האָט דאָס הינטל אונדזערס —
מיט געביל באַגעגנט מיך ביים טויער.

1924

## אין קאַווקאַז

פון לאַנג האָט אונדזער רוסישער פּאַרנאַס
געצויגן שוין צו קאַנטן אומבאַקאַנטע,
נאָר מער גערייצט דעם דמיון — האָט קאַוואַקז —
מיט נעפּלהאַפטע בילדער נישט געאַנטע.

ס'האָט פּושקין דאָ, מיט פייער און מיט ברען
געשאַפן און געזונגען מיט באַדויער:
„נישט זינג, יפיפיה, נישט זינג פאַר מיר
די לידער וועגן גרוזיעס גרויסן טרויער".

און לערמאָנטאָוו — אויף אָפּרו אין קאַווקאַז —
דערציילט האָט אונדז אַ שיינע מעשה כ'לעבן:
ווי אַזאַמאַט האָט קאַזביטשן — אָן שפּאַס —
דער שוועסטער זיינער — פאַר זיין פערד געגעבן...

אַליין פון טרויער גרין; מיט אַ געזיכט
וואָס ווערט איז: גרינע טייכן זאָלן זידן, —
האָט ווי אַ דיכטער און אַן אָפיציר —
באַקומען פון אַ פריינטס אַ קויל — זיין פרידן...

אויך גריבאָיעדאָוו ליגט פאַרשאָטן דאָ,
ווי אונדזער צושטייער צו פּערסיעס כמאַרעס —

צופיסנס פון אַ גרויסן באַרג אין בלאָ —
באַוויינט נאָר פון די זורנעס *) און דער טאַרע**), —

און איצטער — איך, אין דיין נישט־אָרדענונג, —
צו וואָס האָב איך זיך דאָ אַהער דערנומען ?
דעם שטויב פון מיינע היימישע באַקלאָגן ?
צי — אויף מיין לעצטער שעה וואָס איז געקומען ?

אַלץ איינס מיר ! כ׳טראַכט אַ סך נאָר וועגן זיי —
די גרויסע, וואָס פאַרגייען אין געפילדער —
שוין אויסגעהיילטע יעדער פון זיין וויי —
אין דיינע טאָלן און אין טייכלעך ווילדע.

אַנטלאָפן זענען זיי מיטן געדאַנק :
קאַווקאַז זאָל זיי די פיינט און פריינט פאַרבייטן —
כדי צו הערן נאָך דעם קלאַנג פון טריט
און, פון די בערג — צו זען די טויבע ווייטן.

איך נעם שוין נישט אין חשבון דאָ אַריין
די רייף־געוואָרענע פון זונען קילע,
זיי קאָנען אויך נישט ווי עס דאַרף־צו־זיין
פאַרפאַטשקען מיט דער פען, ס׳פאַפיר אפילו !

---

*) זורנע — אַ בלאָז־אינסטרומענט אין ווייטן מזרח.

**) טאַרע — אַ גרוזיניש מוזיק־אינסטרומענט.

אויך איך — אַנטלאָפן בין פון זעלבן שלעכטס,
אויף אייביק זיך געשיידט מיט דער באַהעמע —
נאָך איידער רייף־געוואָרן איז אין מיר
דער דיכטער מיט דער עפּיש־גרויסער טעמע.

כ׳האָב ליב דעם ברען דעם רוסישן, אין ליד,
נאָר מאַיאַקאָווסקי איז פון די פּאָעטן,
די שטאַבס־מאַלער — דער קאָפּ וואָס דינט און היט
און וויל דעם מאַסעלפּראָם *) געטריי פּאָרטרעטן.

און קלויעוו — פרומלעד־אַלט און ציכטיק, ריין —
ווי קאָן שוין וואַרעמען זיין ליד, אַ שטייגער?
כ׳האָב נעכטן אים געלייענט אויפן קול,
איז דער קאַנאַריק מיר אין שטייג געפּגרט...

זיי מוחל מיר קאַווקאַז, וואָס כ׳האָב, קאָן זיין,
מיט מיין באַרעדן זיי — פאַרדרוס פאַרשאַפט דיר
און — זע זאָלסט אויסלערנען מיין רוסיש ליד,
וואָס טריפט ווי פון אַ בוים, מיט אַלע זאַפטן. —

אַז קאָנען זאָל איך, קומענדיק צוריק
קיין מאָסקווע — אין דער פּרעכטיקסטער פּאָעמע —
פאַרגעסן יענע בענקשאַפט וואָס דערדריקט
און, זיך נישט חברן מיט דער באַהעמע.

---

*) פּוטער־פּראָדוקציע.

און קאָנען זאָל איך אין מיין לעצטער שעה
נאָר איינס : כסדר זינגען מיט באַדויער :
,,נישט זינג, יפיפיה, נישט זינג פאַר מיר
די לידער וועגן גרוזיעס גרויסן טרויער".

1924

## סאָוויעטיש רוסלאַנד

א. סאַכאַראָוו

אַוועק דער הוראַגאַן. ס׳איז ווייניק ווער געבליבן.
אויף רוף פון פריינטשאַפט זענען מענטשן ווייט.
כ׳בין ווידער אינדערהיים, אין לאַנד אין ליבן
ווו כ׳בין שוין נישט געוועזן אַכט יאָר צייט.

ווען זאָל איך רופן און מיט וועמען טיילן
מיין אומעטיקע פרייד, אַז כ׳לעב, אַז כ׳בין נישט טויט ?
די מיל אפילו דאָ — דער גרויסער ברעוונעפויגל
שליסט די אויגן צו און, מיט איין פליגל שטייט.

כ׳בין קיינעם, קיינעם דאָ באַקאַנט,
ווער ס׳האָט מיך ווען געדענקט, — פאַרגעסן
האָט מיך לאַנג,
און דאָרט, ווו ס׳איז געווען דעם טאַטנס הויז,
ליגט אַש און שיכטן שטויב פון שטורעמס איבערגאַנג.

דאָס לעבן זידט.
אַלץ טראָגט זיך אייליק, גיך.
געזיכטער אַלטע, יונגע, האַווען, פליען,
נאָר ס׳איז נישטאָ פאַר וועמ׳ דעם הוט צו ציען,
און ס׳אויג, וואָס זאָל מיך צולאָזן צו זיך.
און ס׳ראָיען אין מיין קאָפּ אַדורך געדאַנקען :
וואָס, פאָטערלאַנד,

צי חלומט זיך עס מיר?
צי בין איך דאָ אַ פּיליגרים אַ פינצטערער פאַר אַלע,
גאָט ווייסט פון וועלכן ווייטן, ווייטן קאַנט?

און דאָס בין איך?
דער בירגער פונעם דאָרף,
וואָס וועט באַרימט־ווערן דורך דעם און, נישט אומזיסט —
ווייל ס'האָט אַ וועלכע באַבע דאָ געבוירן
אַ פּ אָ י ע ט, אַ גרויסן סקאַנדאַליסט.

נאָר ס'רעדט צום האַרץ די שטים פון מיין געדאַנק:
— מיט וואָס ביסטו באַליידיקט, מאַך זיך קלאָר!
דאָס ברענט אַ נייע וועלט איצט און, ס'גייט־אויף
ביי כאַטקעלעך, אַ צווייטער, נייער דור.

האָסט אָנגעהויבן ביסלעך אָפּצובליען,
פון אַן אַנדער יוגנט האָבן נייע לידער זיך דערהערט,
און זיי, זיי מוחל, וועלן זיין אינטערעסאַנטער —
נישט דאָס דאָרף איז זיי אַ מאַמע, נאָר די גאַנצע ערד.

אַך, היים, מיין היים! ווי לעכערלעך איך בין!
אויף באַקן איינגעפאַלענע אַ רויטקייט —
האַרבסט דערמאָנט.
ס'איז פרעמד מיר, פרעמד די שפּראַך
פון מיינע מיטבירגער געוואָרן,
ווי איך וואָלט אַן אויסלענדער געווען אין אייגן לאַנד.

אַט זע איך, אַט:
ס'איז זונטיק. ביי דער גמינע
פאַרזאַמלט ווי אין צערקווע, פראָסט און רוי,
מיט רעדעס נישט געוואַשענע, משונה
באַהאַנדלען דאָרפסלייט ס'לעבן אַט אַזוי.

ס'איז אָוונט. שיטער האָט די שקיעה
די גראָע פעלדער, ווי מיט גאָלד באַפלעקט,
און ס'האָבן איבער די קאַנאַוועס, די טאָפּאָלן,
ווי קעלבלעך אונטער טוי'רן זיך פאַרשטעקט.

אַ לאָמער רויטאַרמייער, מיט אַ צורה אַ פאַרשלאָפענער,
קנייטשט דעם שטערן, ווייל זיך אַלץ דערמאָנען,
און דערציילט מיט חשיבות, ווי די רויטע
האָבן אָפּגעשלאָגן פערעקאָפּ און, פון בודיאָנען.

„מיר האָבן אים שוין איינמאָל אַט אַזוי —
דעם דאָזיקן בורזשוי... דעם אָ... אין קרים..."
און ס'אָכצן אין דער שטומער טונקלקייט די באַבעס,
אויף די קליאָנען הערן מיט די לאַנגע צווייגן אים.

פון באַרג גייט־אָן אַ פויערישער קאָמסאָמאָל
און, ציט אויף אַ גאַרמאָשקע — הייס אין שפּאַנען,
מען זינגט אַגיטקעס פונעם אָרעמען דעמיאַנען, —
פאַרהילכנדיק מיט פריידגעשריי, דעם טאָל.

איז אָט אַ לאַנד!
צו וועלכע גוטע יאָר
האָב איך געשריגן און מיין ליד, אַז כ'בין דעם פאָלק
א פריינט?
מיין דיכטונג איז שוין דאָ נישט נייטיק קיינעם,
און איך אַליין, קאָן זיין, בין דאָ נישט נייטיק היינט.

איז וואָס!
פאַרגיב, מיין לאַנד, מיין היים.
מיט דעם, מיט וואָס איך האָב געדינט דיר —
איז מיר גרינגער.
און זאָל מען מיך שוין מער נישט זינגען היינט —
ווען דו ביסט קראַנק געווען, בין איך געווען דיין זינגער.

כ'וועל נעמען אַלץ!
כ'וועל נעמען ווי עס גייט.
כ'וועל גיין דעם אויסגעהאַקטן גאַנג פון לעבן.
כ'בין דעם מאַי און דעם אָקטאָבער געבן די נשמה גרייט,
נאָר כ'וועל מיין ליבע לירע קיינעם געבן.
כ'וועל זי נישט אַוועקגעבן אין פרעמדע הענט —
דער מאַמען נישט, קיין פריינט און נישט דעם ווייב.
נאָר מיר האָט זי פאַרטרויט די צאַרטע קלאַנגען
און געזונגען נישט אויף צייטפאַרטרייב.

בליט, איר יונגע! זייט געזונט און קרעפטיק!
אַן אַנדערס איז דאָס לעבן אייערס, אַנדערש דאָס געזאַנג,

און איך וועל ערגעץ־ווו אַוועק אין אומבאַוווּסטקייט,
און שליסן שלום מיטן בונט פון מיין נשמה־דראַנג.

אפילו דאַן,
ווען איבערן פּלאַנעט
וועט דורות שלעכטס אַדורך
און אַפּ אין איבערגוס —
באַזינגען וועל איך אויך
ווי ס'קאָן נאָר אַ פּאָעט,
דאָס זעקסטל פון דער ערד,
וואָס טראָגט דעם נאָמען : רוס.

1924

## סטאַנסן

גערווידמעט טשאַגינען

איך ווייס אַ סך שוין
וועגן דעם טאַלאַנט מיין.
ס'וואָלט לידער שרייבן — יעדערער געקענט,
נאָר מער פון אַלץ, האָט מיך
די ליבע צו דעם לאַנד מיין,
געפייניקט און געמאַטערט,
און געברענט.

ס'קאָן יעדער, כ'לעבן,
זיך אין גראַמען שפּילן
און, לידלען וועגן אַלץ, מיט ריטם, קלאַנג,
נאָר — ס'נאָגן מיך
גאָר אַנדערע געפילן,
דעם שאַרבן פרעסט
אַן אַנדערער געדאַנק.

כ'וויל זינגער זיין
און בירגער ביי די ראַטן,
צום שטאָלץ און ביישפּיל ווי ס'איז זעלטן ווער,
אַ בירגער
נישט קיין שטיפזון אין די שטאַטן
אין די גרויסע פון ס. ס. ס. ר.

...געמוזט פון מאָסקווע עוקר־זיין; געזען,
אַז ס'איז ביי דער מיליץ
נישט אויסצופירן;
זיי האָבן פאַר סקאַנדאַלעוועו
אַ שיכורן געפלעגט מיך
אַרעסטירן.

איך דאַנק זיי פאַר דער פריינטשאַפט פון געמיט.
נאָר האַרט איז דאָרטן
אויף דער באַנק צו שלאָפן
און, ליינען מיט אַ שיכור קול
אַ וואָסער ליד
פון אַ קאַנאַריק,
וואָס אַן אומגליק האָט געטראָפן.

כ'בין קיין קאַנאַר אייך!
אַ פּאָעט!
און נישט אַ וועלכער־ס'איז דעמיאַן, דער עיקר.
זאָל זיין, אַז כ'בין פון צייט צו צייט ווען שיכור!
איך האָב דערפאַר אין אויג
אַ ווונדערליכט, וואָס זעט.

כ'זע אַלץ. און קלאָר
פאַרשטיי איך, אַז די ערע
די נייע, איז נישט מער
קיין צייטפאַרטרייב, קיין שפּיל,

אַז ס׳לאָזט איבערן לאַנד זיך
לענינס נאָמען הערן ;
ער נאָר — פירט מיט אַלץ,
ווי ס׳פירט דער ווינט
די פליגל פון אַ מיל.

באַוועגט אייך, טייערע !
ס׳איז אייער נוץ און צוועק.
כ׳בין אייער קרוב,
איר אַלע — פעטערס מיינע,
איז — לאָמיר זיך אַוועקזעצן, סערגיי,
און כאַפּן שטיל אַ שמעק
צו מאַרקסנס קלוגע, אומעטיקע שורות זיינע.

ס׳לויפן טעג ווי אין אַ טייך
און, שטראָמען ערגעץ־ווו.
ווי אותיות אויף פּאַפּיר —
די שטעט און שטעטלעך מיניען.
נישט לאַנג — געווען אין מאָסקווע,
איצטער — אין באַקו.
עס מאַכט אונדז טשאַגין קלאָר
פון דער אינדוסטריע, דעם זינען :

נישט בעסער, — זאָגט ער — איז
פון צערקוועס — אַז מען זעט
די טורעמס

פון די שוואַרצע נאַפטפאָנטאַנען ?
געגוג שוין אונדז די מיסטישע טומאַנען,
זינג אויף, אַ שטאַרקס,
אַ לעבעדיקס, פּאָעט !

ס'איז נאַפט אויף וואַסער,
ווי אַ פּערסיש דערע.
דער אָוונט האָט אַ שטערנזאַק
געעפנט ווו,
נאָר איך בין שווערן גרייט,
אַז די לאַמטערן
זענען שענער
ווי די שטערן פון באַקו.

ס'איז וועגן דער אינדוסטריע פול מיין מוח,
און כ'הער די שטים פון כוחות אויך צוגלייך :
גענוג שוין אונדז
דאָס ליכט פון הימלרייך,
ס'איז איינפאַכער
אויף דר'ערד פאַרווענדן כוח.

איך גלעט מיין האַלדז,
ווי כ'וואָלט געגלעט אים ווען,
און זאָג :
— געקומען איז די צייט,

אַהער, סערגיי,
צו מאַרקסן שטיל זיך נעמען,
כדי ביי אים
געפינען אַ באַשייד.

1924

*

עד, צום טייוול, ווי די שנייוויוגע פאַרכאַפּט!
ווי מיט ווייסע טשוועקעס שוין דעם דאַך פאַרקלאַפּט,
נאָר ער רופט קיין פּחד נישט אַרויס ביי מיר,
מיט מיין גורל בין איך צוגעקלאַפּט צו דיר.

1923

*

ווייס איז די לבנה, און די פלאַך — פאַרשנייט —
ליגט ווי אין תכריכים אינעם ווייסן טויט,
איבער פעלדער — ווייסע ברעזעס אין געוויין.
ווער איז דאָ געשטאָרבן ? אפשר איך אַליין ? !...

1925

*

הערסט — עס יאָגן שליטנס ; הערסט ווי שליטנס יאָגן.
גוט איז, מיט דער ליבסטער איבער פעלד זיך טראָגן.

פריילעך שניידט אַ ווינטל און די פלאַך די גאָלע
הערט ווי איבער איר, אַ פייקעלע זיך קאָלערט.

עד, איר שליטנס, שליטנס ! דו, מיין פערד בולאַנער !
ס'טאַנצט אַ קליאָן פאַרשיכורט, דאָ נישט ווייט פונדאַנען.

לאָמיר צופאָרן און, אונטער דער טאַליאַנקע —
טאַנצן דאָרט אין דרייען, אויפן שניי דעם בלאַנקן.

1925

*

אָרעמער פּאָעט, נישט דו באַזינגסט עס
די לבנה מיט איר העלער שײַן ?
מײַנע אויגן, האָב איך אָפּגעקילט שוין,
אָפּגעקילט אויף ליבעס, קאַרטון, ווײַן.

דורך דער ראַם אויך, קריכט זי, די לבנה !
ס׳ליכט — כאָטש נעם די אויגן זיך אַרויס...
כ׳האָב אויף דאַמע פּיק געשטעלט, ביים שפּילן
און, האָב אויסגעשפּילט די רויטע טויז.

1925



קרום זיך נישט ביים שמייכלען ; מיט די הענט נישט ציפּ ;
שוין נישט דיך — אַ צווייטע האָב איך היינט שוין ליב.

ווייסט עס, מיין איך, גוט שוין, ווייסט עס דאָך אַליין,
אַז כ׳בין נישט געקומען איצט צו דיר צו גיין.

כ׳בין פאַרבייגעגאַנגען ; ס׳איז דאָס האַרץ נישט קלוג —
האָט זיך פראָסט פאַרוואָלט אין פענצטער טאָן אַ קוק.

1925



שיט און קלינג, טאַליאַנקע, שיט די קלאַנגען דיינע!
וועט עס מיך דערמאָנען אָן דער יוגנט מיינער.
אָשינע, דו רויש נישט; שטויב — הער אויף צו יאָגן,
זאָל צו מיין געליבטערס שוועל דאָס ליד זיך טראָגן.

זאָל זי זיך צעוויינען, ווען זי וועט עס הערן,
איר איז יענעמס יוגנט גאָרנישט — אָנצוּווערן.
ווען אפילו יאָ שוין — וועט קיין לייד נישט זיין איר.
פרייד, מיין פרייד, ווּ ביסטו? ווּ — דו גורל מיינער?

גיס זיך ליד, געדיכטער, שטאַרקער זאָל עס שאַלן,
ס'וועט אַלץ איינס נישט זיין מער דאָס, וואָס איז פאַרפאַלן.
פאַר אַמאָליק כוח, שטאָלץ, וואָס איז פאָריבער —
בלייבט אויף דער טאַליאַנקע בלויז דאָס ליד מיר איבער.

1925

*

קליאַן דו אייזבאַדעקטער; קליאַן דו אָפּגעשיטער,
וואָס — אַזוי געבויגן אינעם שנייגעוויטער?

האָסטו וואָס דערזען ווו? הערסט פון ערגעץ קלאַנגען?
ווי דו וואָלסט פון דערפל הוליען ווו געגאַנגען.

ווי עס וואָלט אַ שומר שיכור זיך פאַרלוירן —
האָסטו זיך דעם פוס אין שנייבאַרג איינגעפרוירן.

אויכעט מיינע פיס איצט ווילן מיר נישט דינען;
נאָך אַ טרונק, איז שווער דעם וועג אַהיים, געפינען...

דאָרט — באַמערקט אַ סאָסנע, דאָ — אַ ווערבע וויינען —
האָב איך זומערלידער זיי גענומען לייענען.

האָט זיך מיר געדאַכט שוין, אַז געוואָרן בין איך
אויך אַ קליאַן אין זומער; אַז אינגאַנצן גרין איך. —

האָב איך אַ בעריאָזקעס רייץ נישט בייגעקומען
און — ווי יענעמס ווייב — זי פעסט אַרומגענומען.

1925



בלאָ — די אויגן. בלאָ — די קאָפּטע, וואָס זי טראָגט.
כ'האָב דער ליבער גאָר קיין אמת נישט געזאָגט.

ס'דרייט אַ זאַוויערוכע? — פרעגט זי און זי רעדט:
ס'אייוועלע דערברענען? בעטן אפשר ס'בעט?

האָב איך איר געענטפערט: עמעץ פונדערהייך,
שיט היינט ווייסע בלומען, לייגן זיי זיך ווייך.

ס'אייוועלע הייץ איין און, מאַך דאָס בעט אויך גרייט,
ס'דרייט אָן דיר אַ וויוגע אין מיין האַרץ און, דרייט.

1925

## פּערסישער מאָטיוו

בלאָלעך, פריילעך לאַנד דו פון געמיט!
כ׳האָב פאַרקויפט מיין ערע, פאַר אַ ליד.
ים־ווינט, שטילער, שטילער בלאָז אַזוי —
הערסט, עס רופט דער רויז — דער סאָלאָוויי?

הערסט, עס נויגט די רויז זיך אין די בלעטער,
ס׳וועט דאָס ליד זיך אָפּרופן ערשט שפּעטער.
ים־ווינט, שטילער, שטילער בלאָז אַזוי —
הערסט, עס רופט דער רויז — דער סאָלאָוויי?

ביסט אַ קינד, אַ קינד נאָך — ווי מען זעט,
נו, און איך, איך בין נישט קיין פּאָעט?
ים־ווינט, שטילער, שטילער בלאָז אַזוי —
הערסט, עס רופט דער רויז — דער סאָלאָוויי?

געלי טייערע, זיי מוחל מיר!
נאָך פאַראַנען רויזן אָן אַ שיעור,
רויזן וועלכע בוקן זיך און קניען.
איינערס שמייכל נאָר, וועט האַרציק ציען.

לאָמיר שמייכלען, שמייכלען — איך און דו —
פאַר אַזעלכע ליבע לענדער ווו,
ים־ווינט, שטילער, שטילער בלאָז אַזוי —
הערסט, עס רופט דער רויז — דער סאָלאָוויי?

בלאָלעך, היימלעך לאַנד דו פון געמיט !
זאָל דאָס לעבן מיינס פאַרקויפט־זיין פאַר אַ ליד,
נאָר פאַר געללין, שאָטנדיק אַזוי —
נעמט דער רויז אַרום — דער סאָלאָוויי.

1925

## קאַטשאַלאָווס הונט

גיב, דזשים, אויף גליק, די לאַפּע מיר
און, לאָמיר ביידע ווייזן וואָס מיר קאָנען,
און אין טויבער נאַכט איצט — איך מיט דיר —
צעבילן זיך אַנטקעגן דער לבנה.
גיב, דזשים, אויף גליק, דיין לאַפּע מיר.

מיין טייערער, נישט פּאַל צו קיינעמס פּיס,
פאַרשטיי און הער וואָס כ'וועל פאַרשטיין דיר געבן.
דו ווייסט דאָך נישט, מיין פריינט, וואָס לעבן איז
און — אַז כדאי איז אויף דער וועלט צו לעבן.

דיין באַלעבאָס באַליבט איז און באַרימט,
און שטענדיק זענען געסט ביי אים פאַרבעטן
און ס'איז געגויגט דיר יעדער — גוט געשטימט —
די באַרכנטענע, גלאַטע פעל צו גלעטן.

ביסט, דזשים, טייוולאָניש, רייצנד שיין,
און גרייט ביסטו, נישט פרעגנדיק ביי קיינעם —
מיט ליב פאַרטרוילעכקייט צו יעדן גיין
און, ווי אַ שיכור — קושן זיך מיט יעדן איינעם.

מיין ליבער דזשים, צווישן דיינע געסט
אַ סך און אַלערליי, וואָס פלעגן זיין־דאָ,
איז יענע, די וואָס האָט אַזוי פאַרפרעסט
געשוויגן מער פון אַלע — נישט אַריין־דאָ?

כ׳פאַרזיכער דיר, ז׳עט קומען, זיי געדולדיק!
און — אָנגעשטעלט דיין פייכטן בליק אין איר —
פאַר אַלץ וואָס איך בין שולדיק און נישט שולדיק —
לעק צאַרט און קוש די האַנט איר, אויך פאַר מיר.

1925



אַ נישט־היימלעכע שיין פון לבנה
און אַ בענקשאַפט פון ענדלאָזער פלאַך —
אָט, וואָס איך האָב געזען אין מיין יוגנט,
אָט, וואָס ס'האָבן פאַרשאָלטן אַ סך.

אויף די וועגן — פאַרטרוקנטע ווערבעס,
פורן קרעכצן און שלעפן זיך מיד...
כ'וואָלט אויף קיין פאַל שוין מער נישט געוואָלט היינט
הערן ווידער דאָס דאָזיקע ליד.

איך בין גלייכגילטיק איצט צו די כאַטקעס,
ס'איז דאָס פייער אין זיי אַזוי טריב,
כ'האָב אפילו די פרוכטביימער, פרילינג —
פאַר די פעלדער די אָרעמע, ליב.

ס'איז צום האַרצן מיר איצט עפעס אַנדערש.
און אין שווינדזוכט־לבנהקן שיין, —
דורך שטיינערנעם, שטאָלערנעם — זע איך
פון מיין היימלאַנד, די קראַפט פונעם זיין.

אָ, באַפעלדערטע רוסלאַנד! גענוג שוין
מיטן אַקער זיך שלעפן אַזוי!...
ס'טוט פון צוזען דיין דחקות, דיין גרויסע —
די טאָפּאָלן און ברעזעס אויך ווײ.

כ׳ווייס נישט, וואָס עס וועט זיין מיט מיר... מעגלעך,
אַז איך טויג נישט אין נייעם אַריין! —
וויל איך דאָך, אַז דאָס אָרעמע רוסלאַנד
זאָל אַ שטאַרקס און אַ שטאָלערנס זיין.

און אין שטורעם, געברויז און געוויטער,
ווען עס בילן די מאָטאָרס ווי הינט —
וויל איך מער שוין אויף קיין פאַל נישט הערן
ס׳ליד פון פורן און רעדער אַצינד.

1925



יעדע אַרבעט בענטש מיט מזל־ברכה.
זאָל זיך איינגעבן דעם פישערס פאַנג,
זאָל דעם פויערס קליאַטשע און די סאָכע
צושטעלן דאָס ברויט אויף יאָרן לאַנג.

וואַסער טרינקט מען פון אַ גלאָז, אַ טעפּל,
טרינקען קאָן מען פון אַ קריגל אויך —
דאָרט, ווו ברעגעס גילדן אין אַ נעפּל
אַ געדיכטן, ווי אין ראָזע רויך.

גוט איז, גוט זיך אויפן גראָז צעלייגן
און, פּאַרקוקט אין לויטער גלאַטיקייט, —
זיך דערמאָנען איינערס אַ פּאָר אויגן
אָנגעשטעלט אויף דיר — פאַרליבטערהייט.

קאָראָסטעלן... *) פּייפן גאַנצע כאָרן...
זענען שטענדיק ליכטיק, העל, נאָר די
וועמענס הערצער ס'זענען פראָסט געוואָרן
אונטער זייער פריילעך־שווערער מי.

איך נאָר, אין מיין ליידיקגיין, אַ פרייער —
האָב פאַרגעסן, אַז איך בין אַ יונג

---

*) קאָראָסטעלן — נישט גרויסע פייגל, וואָס האַלטן זיך אויף אין די גראָזן.

פונעם דאָרף, אַ פויער ווען ס'איז טייער
וועלדער, פעלדער און, דער קאָסעס קלונג.

ווי באַדויערט וואָלט ווער ווען' אים ליב איז,
ווי ס'וואָלט אָפּגעוווינט זיך ווער פון היים —
ווײנט אין מיר דער קוליק *) און דער טשיביס **), —
ווען זיי הייבן זיך פון בלאָטע, זומפּ און ליים.

1925

*) קוליק — אַ נישט גרויסער בלאָטע־פויגל מיט לאַנגע פיס.

**) טשיביס — אַן ענלעכער פויגל צום קוליק.



כ'גיי דורך טאָל. עס ליגט די קעפּע אויף אַ זייט מיר.
הענטשקעס טראָג איך זאַמשענע — מיט פּריצים גלייך.
ראָזע זוניקייט גייט־אויף פון סטעפּ פון ווייטן,
און פון נאָענט — בלאַסט דאָס פּנים פונעם טייך.

איך — אַ זאָרגלאָזער, וואָס וויל נאָר לידער הערן,
און מיט זיי זיך אין די הויכקייטן פאַרגיין, —
כ'זאָל מיט יעדן הימל־ווינטל איינס נאָר ווערן, —
ס'זאָל זיך נאָר נישט איינברעכן מיין יונג געביין.

כ'וועל אַרויס פון וועג, און וועל דעם טאָל אַריבער.
וויפל פויערים און באַבעס דאָרט אַ סך!
גראַבליעס שעפּטשען וואָס; די קאָסע חזרט איבער:
— העי, פּאָעט! האָסט כוח? קאָנסטו אונדזער שפּראַך?

שוין גענוג אין הימלען דיר אַרומגעשוווּמען!
זאָל דיר אַרבעט ליב־זיין, ווי ס'איז טאָלן דיר.
ביסטו נישט קיין פויעריִשער, דאָרפישער געקומען?
וויז נאָר ווי דו גיסט די קאָסע אַ צעפיר!

ס'איז די גראַבליע און די קאָסע נישט קיין פעדער.
נאָר די קאָסע שרייבט, שרייבט לידער אויף דער ערד;
אונטער פרילינגזון און כמאַרע ליינט זיי יעדער,
לאַנג איז זייער דויער; לאַנג איז זייער ווערט.

זאָל צום טייוול גיין מיין ענגעליש זיך אָנטאָן!
גיט די קאָסע מיר, איז — טו איך זיך אַ וואָרף:
בין איך אפשר נישט קיין אייגענער, אַ נאָנטער?
היט איך אפשר אין זכרון נישט, דאָס דאָרף?

אָ, ווי גרינג, ווי גוט מיר וואָלט זיך דורכגעגאַנגען
מיט דער קאָסע, די באַגייענדיקע ערד,
און מיט איר — געשריבן גראָזן־שורות לאַנגע,
אַז עס זאָל דערנאָך זיי לייענען שעפּס און פערד.

אין די שורות ליגן ווערטער, ליגן מיינען,
ליגט געזאַנג, געדאַנק און אויכעט פרייד און צער;
קאָן די ערשטע, בעסטע קו, די לידער לייענען —
צאָלנדיק מיט פעטע מילך — דעם האָנאָראַר.

1925

## דאָס אַוועקגייענדיקע רוסלאַנד

מיר האָבן נאָך אַ סך נישט אָנערקענט
פון לענינס זיג, און נייע לידער קלינגען
אַלט ביי אונדז אַזוי,
ווי ס׳האָבן אויף די הענט
אַמאָל די זיידעס אונדז געלערנט זינגען.

אָ, פריינט, איר פריינט!
ווי ס׳לאַנד צעפּאַלט זיך שיעור,
ווי אומעטיק דאַ איז אין פּריילעך ברויזן!
ס׳ווילט זיך מיט די קאָמסאָמאָלן מיר
דערפאַר בלויז
לויפן מיט פאַרשאַרצטע הויזן.

כ׳באַשולדיק נישט די יעניקע, וואָס גייען אָפּ,
נאַר וואָס זאָלן די אַלטע
זיך נאָך יונגוואַרג יאָגן?
ווי קאָרן ווען מען שניידט אים נישט אַראָפּ —
דערפוילן זיי, פון ווינטן אָפּגעשלאָגן.

און איך אַליין — נישט יונג, נישט אַלט, דערפאַרן
אַז כ׳בין נישט מער ווי ס׳מיסט בלויז, סוף־כל־סוף,
צי נישט דערפאַר יאָגט אָן דאָס די גיטאַרע
אין שענק אויף מיר, אַ זיסן שלאָף?

גיטאַרע ליבע, קלינג,
פאַרטראַג אַוועק!
שפּיל־אויף ציגאַנקע, שפּיל, אויף צום פאַרגעסן
די אָפּגעסמטע, אומרואיקע טעג,
וואָס האָבן קאַלט דאָס האַרץ אין מיר צעפרעסן.

כ'באַשולדיק און, איך בין דערפאַר
באַליידיקט אויף דער ראַטנמאַכט דער רויטער,
ווייל כ'האָב מיין העלע יוגנט נישט געזען —
אין קאַמף ביי צווייטע.

וואָס כ'האָב געזען?
געזען האָב איך נאָר — שלאַכט,
געהערט נאָר קאַנאָנאַדעס —
אַנשטאָט לידער;
צי נישט דערפאַר בין איך פון לויפן, שוואַך —
געפאַלן מיט אַ געלן קאָפּ אַנידער?

נאָר כ'בין נאָך גליקלעך.
פון געברויז
האָב איך אַרויסגעטראָגן נייעס פאַר מיין לעבן.
ס'האָט דער שטורעם אויסגעצירט מיך בלויז
אין בליונגען פון גאָלדגעוועבן.

כ'בין קיין נייער מענטש נישט.
כ'ווייס, אַז כ'שטעק

מיט איין פוס — נאָך אין אַלטן און שוין טויטן,
און כ'פּלאָנטער זיך די „שטאָלערנע" אין וועג
און פאַל אויך מיטן צווייטן.

פאַראַן דערשלאָגענערע אויך.
זיי זענען ווי אין זיפּ דער קלייען —
צעווישן אַלץ, וואָס זיי פאַרשטייען נישט
און קאָנען נישט צעקייען.

כ'קען זיי,
כ'קען די או׳גן גוט :
נאָך טרוי׳ריקער ווי ביי בהמות.
אין זייער פרידלעך טועכץ — זייער בלוט —
אַ סטאַוו באַדעקט מיט שליים איז.

ווער וואַרפן וועט אין סטאַוו אַ שטיין ?
נישט רירט אים !
מאַכט נישט אָן קיין אַויר !
זיי וועלן שטאַרבן פון זיך אַליין
צעשטויבט ווי בלעטערזשאַווער.

פאַראַן אויך מענטשן אַנדערע —
וואָס גלויבן
אין זייער צוקונפטמאַרש, מיט שטאָלצן בליק,
זיי קראַצן זיך און — ווי דערהויבן
רעדן זיי פון קומענדיקן גליק !

איך הער און אין זכרון קוק איך, טראַכט:
— מיר האָבן שוין געגוג די ראַטנמאַכט...
איצט דאַרף מען סיץ אַ שטיקל... און אַ ביסל
טשוועקעס...

ווי ווייניק דאַרפן פוי׳רים פון דער וועלט,
אַז ברויט ביי זיי,
קאַרטאָפל — איז דאָס לעבן.
וואָס זידל איך זיך איינדערנאַכט און שעלט,
ווייל ס׳מזל האָט זיך מיר נישט איינגעגעבן?

מקנא בין איך דעם,
ווער ס׳האָט דאָס לעבן זיינס
געקעמפט, און ביי זיין פאָן געשווירן.
און איך — איך האָב שוין נאָך דער יוגנט מיין —
אפילו די דערינערונג פאַרלוירן.

ס׳אַראַ סקאַנדאַל!
אויף וועמען זיין אין כעס?
ווי אין אַ שמאָלן דורכגאַנג אינעם לעבן —
געגעבן אַלץ
האָב איך אין שפּאַס —
נישט דאָס, וואָס כ׳האָב געקאָנט באמת געבן.

גיטאַרע ליבע, קלינג,
פאַרטראָג אַוועק!

שפּיל־אויף ציגאַנקע, שפּיל, אויף צום פֿאַרגעסן
די אַפּגעסמטע, אומרואיקע טעג,
וואָס האָבן קאַלט דאָס האַרץ אין מיר צעפֿרעסן.

איך ווייס — דעם אומעט טרענקט מען נישט אין ווײַן,
עס היילט נישט אויס דאָס האַרץ,
וואָס וויסט איז, אָנגעדראָלן.
פֿאַרשאַרצט די הויזן — ווילט זיך מיר קאָן זײַן,
דערפֿאַר בלויז, —
לויפֿן מיט די קאָמסאָמאָלן.

1925

## אַ שוואַרצער מענטש

פריינט, מיין פריינט,
כ׳בין זייער און זייער קראַנק.
איך ווייס אַליין נישט
פונוואַנען זי נעמט זיך, די קרענק.
צי פייפט עס דער ווינט איצט
איבער דער וויסטקייט און פוסטקייט פון פעלד
אָדער — עס שיט אַלקאָהאָל זיך אויף מיינע געהירן,
ווי אין אַ וועלדל אין חודש סעפּטעמבער.

עס פאָכעט מיין קאָפּ, מיט די אוירן,
ווי מיט די פליגל — אַ פויגל,
וואָס האָט שוין קיין כוח נישט מער
אויף די פיס זיך צו האַלטן.

אַ שוואַרצער מענטש,
אַ שוואַרצער, שוואַרצער,
שוואַרצער מענטש,
זעצט זיך אויף מיין בעט אַוועק,
דער שוואַרצער מענטש —
ער לאָזט נישט שלאָפן מיך, אַ גאַנצע נאַכט.

דער שוואַרצער מענטש,
ער פירט מיט אַ פינגער
איבער אַן עקלהאַפט בוך

און מיט אַ שווערן אָטעם איבער מיר,
ווי איבער אַ גוסס — אַ גלח, —
לייענט ער פאַר מיר
דאָס לעבן פון אַ הפקר־יונג, אַ שיכור
און — יאָגט אָן אויף מיר אַ בענקשאַפט און אַ פּחד.
שוואַרצער, שוואַרצער,
שוואַרצער מענטש!

— הער, הער זיך איין —
און — ער פּרעפּלט צו מיר:
— פאַראַנען אין בוך
פון די שענסטע געדאַנקען און פּלענער.
יענער מענטש
האָט געלעבט אין אַ לאַנד
פון סאַמע אויסוואורפן,
גנבים, שאַרלאַטאַנען.

אין דעצעמבער איז אין יענעם לאַנד
דער שניי — טייוולאָניש ריין
און, זאַוויערוכעס דרייען פרייליך,
דרייען שפּינרעדלעך.
געווען איז יענער מענטש אַ סקאַנדאַליסט
פון סאַמער העכסטער,
סאַמער בעסטער מאַרקע.

ר׳איז געווען עלעגאַנט,

דערצו נאָך — אַ פּאָעט, —
כאָטש, נישט פון גרויסער,
נאָר פאַרכאַפּנדיקער שטאַרקייט,
און איינער, אַ פרוי
אין די פערציקער יאָרן —
האָט ער גערופן שלעכט מיידל
און, טייערע זיינער.

— גליק — האָט ער געזאָגט —
איז, שנעלקייט פון געדאַנק און פון די הענט.
— אַלע אומגעשיקטע
זענען, ווי באַוווּסט איז — אומגליקלעך.
נאָר ס׳מאַכט נישט אויס,
וואָס פיין אַ סך —
ברענגט זיי צעבראָכענע, —
צו פאַלשע גענג און זשעסטן.

אין שטורעמס, געוויטערס,
אין קאַלטקייט פון גלייכגילט,
ביי שווערע פאַרלוסטן
וואָס מאַכן דיך אומעטיק —
איז דאָס באַווייזן זיך שמייכלענדיק, פּשוט —
די סאַמע העכסטע קונסט אין לעבן.

שוואַרצער מענטש!
דו וואַגסט דאָס נישט, ניין!

דו לעבסט דאָך ווי אַ וואַסערטויכער —
נישט אין קיינעמס דינסט.
און וואָס געהער זיך אָן מיט מיר
אַ סקאַנדאַליסטישער פּאָעט ?
זיי מוחל, לייען עס,
דערצייל עס אַנדערע.

דער שוואַרצער מענטש
קוקט צודרינגלעך אויף מיר.
ס׳פּאַרציען זיך די אויגן זיינע
מיט אַ הייטעלע אַ בלאָס —
ווי ער וואָלט מיר ווען זאָגן,
אַז כ׳בין אַ שווינדלער און אַ גנב,
וואָס האָט אומפאַרשעמט און פרעך
באַגנבעט וועמען.

— — — — — — — — — — — — — — — —

פריינט, מיין פריינט,
כ׳בין זייער און זייער קראַנק.
איך ווייס אַליין נישט פונוואַנען זי נעמט זיך, די קרענק.
דאָס פייפט דער ווינט אַזוי־אָ
איבער דער וויסטקייט און פוסטקייט פון פעלד,
אָדער — ווי אַ וועלדל אין סעפּטעמבער —
שיט, פאַרשיט דער אַלקאָהאָל, דעם מוח ?

אַ פראָסטיקע נאַכט.
אַ שטילע, דורכגעקרייצטע רו.

איך זיץ אַלייןביים פענצטערל
און וואַרט נישט אויף קיין גאַסט, צי פריינט.
די גאַנצע ערדפּלאַך איז באַדעקט
מיט דינעם קאַלך מיט ווייכן,
און די ביימער זענען ווי צונויפגעריטן זיך
צו אונדז אין סאָד.

עס ווײנט ערגעץ־ווו
אַ נישט־היימלעכער נאַכטפויגל.
ס'זייען די רייטער די הילצערנע —
קלעפּ פון די קאָפּעטעס.
ווידער דער שוואַרצער!
ער זעצט אויף מיין שטול זיך אַוועק
מיט צעוואָרפענע פּאָלעס פון ראָק,
דעם צילינדער פאַררוקט אויף אַרויף.

— הער נאָר, הער! —
כריפּעט ער אין פּנים מיר אַריין
און, בייגט זיך וואָס אַמאָל
אַלץ נענטער צו צו מיר. —
— כ'האָב נישט געזען
אַז עמעץ פון די אויסוואורפן
זאָל נאַריש און אַזוי נישט נויטיק
ליידן פון נישט קאָנען שלאָפן.

— אַך! געהאַט אַ טעות זיכער!

ס'שיינט דאָך די לבנה היינט.
וואָס נאָך באַדאַרף אַן אַנגעטרונקענער
מיט דרעמל פון דער וועלט ?
אפשר וועט מיט גראָבע היפּטן
זיך געהיים באַווייזן „זי"
און, דו וועסט ליינען איר
דיין מידע, שטאַרבנדיקע ליריק ?

— אַך, ווי איך האָב ליב
ס'פּאַרוויילנדיקע פאָלק — פּאָעטן !
שטענדיק געפין איך ביי זיי
אַ באַקאַנטע געשיכטע, —
ווי אַ פרישטשעוואַטע קורסיסטקע,
אַ מום אַ לאַנגהאָריקע —
רעדט וועגן וועלטן —
מיט אַ געשלעכטלעכער, זיסער דערשעפונג :

— איך ווייס נישט, כ'געדענק נישט,
אין איינעם אַ דאָרף,
קאָן זיין — אין קאַלוגע,
צי גאָר אין ריאַזאַן, —
געלעבט האָט אַ יינגל
ביי פּויערים פּראָסטע,
אַ געלהאָריק יינגל
מיט טיף־בלאָע אויגן...
געוואַקסן אַזוי, אויסגעוואַקסן,

געוואָרן דערצו אַ פּאָעט, —
כאָטש, נישט פון קיין גרויסער,
נאָר פאַרכאַפּנדיקער שטאַרקייט,
און איינער אַ פרוי
אין די פערציקער יאָרן,
האָט ער גערופן שלעכט מיידל
און, טייערע זיינע.

שוואַרצער מענטש !
דו, מיעוסטער גאַסט.
אָט דער רום וועגן דיר
לאָזט זיך הערן פון לאַנג שוין.
און ווילד פון צערייצט־זיין —
פליט אים מיין שטעקן
אַריין אין דער מאָרדע,
איבער דער נאָז...

— — — — — — — — — — — — — — — —

...די לבנה איז טויט,
אין פענצטערל בלאָט דער באַגינען.
אַך, דו נאַכט !
וואָס האָסטו, נאַכט, פאַראַרבעט ?
כ׳שטיי אין אַ צילינדער.
קיינער איז נישטאָ מיט מיר.
כ׳בין איינער...
און — אַ צעבראָכענער שפּיגל...

1925

# אינהאַלט



## לידער און פּאָעמעס

## ביכער פון י. פאַפּיערניקאָוו

**אין זוניקן לאַנד** (פּאַלעסטינע־לידער), פאַרלאַג „נייע קולטור״, וואַרשע 1927.

**רויט אויף שוואַרץ** (לידער) פאַרלאַג „נייע קולטור״, וואַרשע 1929.

**גאָלדענע זאַמדן** (פּאַלעסטינע־לידער), פאַרלאַג „אייגנס״, וואַרשע, 1932.

**סערגיי יעסענין** (געקליבענע לידער), פאַרלאַג „אייגנס״, וואַרשע 1933. אַרויסגעגעבן ביי דער מיטהילף פון ליטעראַטור־פאַנד ביים פאַריין פון יידישע ליטעראַטן און זשורנאַליסטן אין וואַרשע.

**אונטער פייער** (לידער), פאַרלאַג „אייגנס״, תל־אביב 1939.

**מן הטנא** (שירים), הוצא על־ידי הוועדה להוצאת כתבי המשורר, תל־אביב, תש״ב.

**געקליבענע לידער** (פון היים, בונט, קריג, און חורבן), איקוף־פאַרלאַג, ניו־יאָרק, 1947.

**אַן עלנד הויז** (דערציילונגען), פאַרלאַג קליינביבליאָטעק, תל־אביב, ישראל, 1950.

**פּרוכט פון ווינט** (געקליבענע לידער), אַרויסגעגעבן פונעם י. פאַפּיערניקאָוו־קאָמיטעט ביי דער יידישער קולטור־פעדעראַציע, יאָהאַנעסבורג, 1952.

**מיין שיר השירים** (לידער פון ליבשאַפט) פאַרלאַג „נײַ לעבן״, תל־אביב, 1953.

**היימישע און נאָענטע** (דערמאָנונגען), פאַרלאַג י. ל. פרץ־ביבליאָטעק, ת״א, ישראל, 1959.

**די זון הינטער מיר** (לידער), פאַרלאַג י. ל. פרץ־ביבליאָטעק, ת״א, 1961.

**פרי גני** (שירים), הוצאת ספרים „מנורה״, תל־אביב, 1962.

**פון צווייטע בראשית** (לידער און פּאָעמען), אַרויסגעגעבן פונעם י. פּאַפּיערניקאָוו־יובל־קאָמיטעט ביים יידישן ליטעראַטן און זשורנאַליסטן־פאַריין אין ישראל, פאַרלאַג י. ל. פרץ־ביבליאָטעק, אין יאָר 1964.

**מיין שיר השירים** (לידער פון ליבשאַפט), צווייטע, פאַרבעסערטע אויפלאַגע, פאַרלאַג „מנורה״, תל־אביב, 1966.

**איבער חורבות** פאַרלאַג „המנורה״, תל־אביב, 1967.

**אין ליכט פון פאַרגאַנג** פאַרלאַג „מנורה״, תל־אביב, 1969.